




## מאנאַטליכער זשורנאַל
## פאַר לידער און קריטיק

רעדאגירט פון

ה. גודעלמאַן

ניו יאָרק, יוני 1919.

פרייז 15 סענט

יעהרליך 1.50. האלב יעהרליך 80 סענט.

# פֿאַרלאַג „אַמעריקאַ"

דעם 15טען יוני ערשיינט דאס ערסטע זאמעלבוך

## שריפטען

מיט פאלגענדען אינהאלט:

בילדער: א. וואלקאוויץ, ב. אנעסטעלד און ד. ספאפעל, וואלט וויהיטמאן זיין פאטרעט. ליעדער: ל. מילער, אל. גוריה, ח. לייוויק, לאפין. ערצעהלונגען: אייננאסאוו, ל. שאפירא, ה. נעלבוים. איינציגע ליעדער, ס. דילאן, מאני ליב, נפתלי גראס, אידא מקאוער, נחום י. א. בערנער. ארטיקלען: יעקב מילך, דר. י. גרינפעלד, ח. לייוויק, ד. פאפעל. איבערזעצונגען: וואלט וויהיטמאנס גראז בלעטער, (אידיש פון ל. מילער). רושעליארינגען, רומי'ס ראביאט (אידיש פון מאני לייב). הענרי בערגסאנ'ס, אריינפיהר צו מעטאפיזיק. נאטיצען: בארארולין, דר. גרינפעלד און שטיינבוים.

מיט דעם איצטיגען זאמעלבוך ווערען

## די שריפטען

פערוואנדעלט אין א שטענדיגען דריי מאנאט זשורנאל, אונטער דער רעדאקציע פון דוד אייננאסאוו, ח. לייוויק און ל. מילער

די שריפטען האבען זיך געשטעלט אלס אויפגאבע צו פאראייניגען אין זיך דאס בעסטע וואס ווערט געשאפען אויפ'ן שריפטלערישען און מאלערישען געביט.

סובסקריפשאן־פרייז: פאר א יאהר (פיער ביכער) — $5.00 פאר א האלב יאהר (צוויי ביכער) — $3.00.

---

אינאיינעם מיט דעם דריי־מאנאט־זשורנאל הויבט דער פערלאג „אמעריקא" אויך אן ארויסגעבען

## א אידישע שריפטען ביבליאטעק

שוין ערשינען:
ס. ס. דילאנס — געלע בלעטער. יעדע ליעד אויסגעצייכענט פון דעם קינסטלער ז. מאור.

שוין אין דרוק:
ל. מילער — אויף נאט'ס וועלט (געצייכענט פון דעם מאלער רוש. מאפעל). ש. צ. זעצער — ר' ישראל־בעל־שם־טוב, זיין לעבען, לעהרע און ווירקען (אין צוויי בענד); יעקב מילך — צוויי בענד: 1) אידישע פראבלעמען; 2. די ענטשטעהונג פון רעליגיאן און אנדערע עסייס. א. ראבאי — דריי בענד: 1) ניי־ענגלאנד, ראמאן; 2) די ווייסע וועסט, ראמאן; 3) איך דערצעהל — דערצעהלונגען.

פארפארטיגט זיך צום דרוק:
א נייע אויפלאגע פון דוד אייננאסאוו'ס ערשטע דריי־בענד: 1) אין קעסעלגרוב — ראמאן; 2) צווישען צוויי זונען — א בוך אין פיער טייל; 3) דאס פארבארגענע ליכט, און אויך א נייער באנד — מעשיות פון אלטען פראג. ח. לייוויק'ס — דער גולם, א דראמאטישע פאעמא אין פיר אקטען און ברוך שפינאזא'ס די עטהיק, איבערזעצט פון וויליאם נאטאנסאן. אלע ביכער פון פערלאג „אמעריקא" ווערען ארויסגעגעבען אויפ'ן שענסטען קינסטלערישען אופן.

## פרייז פון יעדען באנד $1.50

די וואס סובסקרייבן זיך אויף אלע אויסגערעכענטע 15 בענד, באקומען פריי א גאנצען יארגאנג פון דעם זשורנאל „שריפטען".

די סומע קען אויך אויסגעצאלט ווערען אין דריי ראטען:

ערשטע איינצאלונג: $1.50, צווייטע איינצאלונג $7.00, דריטע און לעצטע איינצאלונג — $5.00.

אדרעסירען:

**VERLAG AMERICA**

**89 FIFTH AVENUE NEW YORK, N.Y.**

אוספי ק. מרמס

## מיינע טעג און נעכט

מיינע טעג צו קרעמער און צו הענדלער,
מיינע נעכט צו קארטען שפיעל און פרוייען...
וועט מיר גאט שוין מעהר נים טרוייען
זיינע טעג און נעכט...

העי, איך מוז דאך מיינע טעג און נעכט צעטיילען,
וואס-זשע ארט מיך ווי און ווענען ?
ווער עס וויל זאל קומען נעמען
מיינע טעג און נעכט...

## פרוייען, פרוייען

פרוייען, פרוייען, —
האווען מיינם און יאגען....
פרוייען, פרוייען,
גורל פון מיין לעבען...
ווער האט אייך די הערשאפט איבער מיר געגעבען ?...
זין פון מיין צושטערען, אינהאלט פון מיין בויען...
א, איהר פרוייען!...
א, איהר פרוייען!...

פרוייען, פרוייען —
אומרוה אין מיין הארצען...
פרוייען, פרוייען
ליכט אין מיינע אויגען...
ביי דעם שפיגעל שטעה איך שעה'ן לאנג געבויגען
און איך שמייכעל צו מיין יונגען קאפ דעם גרוייען...
א, איהר פרוייען,
א, איהר פרוייען!...

## צו א דאמע

עס האט דיין קלוגער בליק
א שפּיל געטאן בלויז מיט מיין קינדיש הארץ
און האסט אליין ניט.וויסענדיג, געפאנגען
די רוה פון מיינע טעג און נעכט...
און ווען דו ביזט פון מיר אוועק
איז הינטיש טריי דיר נאכגעגאנגען
די רוה פון מיינע טעג און נעכט...

מיין קינדיש הארץ
האט אומגעבלאנדזשעט קלאפּענדיג פון מיר צו מיר
געזוכט אויף אלע קרומע וועגען
די רוה פון מיינע טעג און נעכט...
די בענקשאפט האט מיך צו דיין טיר געבראכט
און ביי דיין שוועל איז הינטיש טריי געלעגען
די רוה פון מיינע טעג און נעכט...

## געלד

ער איז אריין אין הויז,
א ווארף געטון דעם פּאק מיט געלט
און דראהענדיג די פויסטען צו דער וועלט
האט ער א זעץ געטאן אן טיש
און אויסגעשריגען :
געלט !
דערנאך האט ער ביים שפּיגעל זיך געשטעלט
און אומעטיג געשמייכעלט,
און עפּעס האט אין הארץ ביי איהם
געוויינט...
געוויינט...

ל. מילער.





## די קראנקע פויגעל

וועק ניט אויף די קראנקע פויגעל,
האלט דעם אטהעם איין,
זעה, זיי ליגען איינגעדרעהט אין זיך אליין
די שארפע שנאבעלען ביז די צוגעמאכטע אויגען
ארייננעגראבען
אין די פעדערען די אויפגעשויבערטע...
וואס דערמאנען אונז די קראנקע פויגעל,
ד שנאבלען זייערע
די פעדערען די אויפגעשויבערטע?...

זיי דערמאנען אונז
אז איך און דו,
איך און דו,
דערנעהנטערטע,
געגארטע,
געוואגטע
זיצען מיט פארשטייגערונג אין בליק,
געלייםטע,
פארשעמטע,
און קיינער קומט ניט אונזער גליק פארשטעלען,
אונזער קאפּ אראפּבויגען,
פארוויגען
ווי זיי — די קראנקע פויגעל,
וואס ליגען איינגעגראבען ביז די צוגעמאכטע אויגען
אין די פעדערען די אויפגעשויבערטע...

ווער צו אונז זאל קומען?
ווער וועט אונז דערהערען?
אז די טירען האבען מיר פארשלאסען,
אז די פענסטער האבען מיר פארהאנגען,
אז די ווערטער אונזערע,

וויי גאָר זיי נידערען אראָב פון צונג,
בלייבען הענגען איבער אונזער קאָפּ
אַ רגע, צוויי, און — זעה :
זיי גיבען צו דער ערד א פאל אראָב
מיט שאַרפע שנאָבלען ביז די צוגעמאַכטע אויגען
אריינגענראָבען
אין די פעדערען די אויפגעשויבערטע...

וועק זיי ניט.
ווער האָט זיי צו אונז
און אונז צו זיי געבראַכט ?
האָבען זיינע אויגען אָדער מיינע אזא צויבער,
האָבען דיינע ווערטער אָדער מיינע אזא קלאַנג ?
קיינער, דוכט זיך, איז ניט נאָכגעגאַנגען מיינע טריט,
ניט נאָכגעגאַנגען און ניט נאָכגעפלויגען,
איך אליין, ווען איך בין צו דיין הויז געגאַנגען,
האָב ניט געהערט דעם שאָרך פון מיינע טריט.
שוין שטעהענדג ביי דיר אין הויז
און שפירענדיג דעם אַנריהר פון דיין האַנד,
דעם ציטער פון דיין קלייד,
שוין קוקענדיג אין שפיגעל אויף מיין קאָפּ
און טראַכטענדיג : צי איך געפעל דיר —
בין איך נאָך אליין געווען דער  נ י ט  ג ע ק ו מ ע נ ע ר
דער ניט געקומענער און ניט דערקענטער —
פון וואַנען האָבען זיך דערוואוסט די קראַנקע פויגעל
צו קומען אויסזעצען זיך אין אלע ווינקלען,
אויף אלע פענסטער
די שאַרפע שנאָבלען ביז די צוגעמאַכטע אויגען
אריינגענראָבען
אין די פעדערען די אויפגעשויבערטע ?

ה. לייוויק.



## אין רויך

קינדער־שפּיעל.
ס'זשמורען זיך מיינע אויגען.
האַלב־דרימעל.
און דו —
אויפ'ן גרויסען מאררים שטוהל,
אַ קליינע מיידעלע,
אַ פיצעלעם.
קענסט פארטראַגען מיין ציגארען רויך ? —
אַ רויט צינגעל.
לאַך פון מיר,
באַלד וועט די שטוב שווארץ ווערען פון רויך
און מיר וועלען זיך לאָזען וואלצירען אין רויך
און פליהען מיט איהם. —
הונדערטע רויטע צינגלעך
שטרעקען זיך צו מיר דעם גרויסען נאר
מיט די האַלב פאַרזשמורעטע אויגען.
פון ווייסען העלזעל
ציהט זיך אראָפּ דיין ראָזעווע קלייד. —
אַ ים מיט בלענדענדע ווייסקייט.
פלוצלונג —
אין גרויסען מאררים שטוהל,
ווערסט אַ קליינצינג פינטעלע,
ווערסט אין רויך פארשלונגען.
פאַרשווינדסט
פאַר'ן גרויסען נאַר, מיט די גאַנץ פאַרזשמורעטע אויגען.

## טירטעל־טויבען

אימפּולסען פון געדאַנק
בליצינגע און ראשינ —
בליאַסק פון זון אויף מעסער־שאַרף.
פלוצים :
הדר יאָהרען און אַ וואָרט
מעהר נישט ווי אַ וואָרט :
טירטעל־טויבען
און ס'לאָזט ניט אָפּ,

## ביים ים

איך בין א קליינע וועל,
און דו — דער ברייטער ברעג.
פון א פארבארגענער האנט געטריבען,
לויף איך שנעל
אויף מיין אנגעמערקטען וועג
צו דיר, מיין ברייטען, שווערען, טריבען
ברעג.
און אין אן אייביג ליעבען ליגען
וועט דיך מיין איינציג ליעד פערוויגען, —
איך בין דיין טרוים.
באלד וועסטו מיך פון זיך פערטרייבען,
וועט אויף א וויל פון מיר דא בלייבען
אביסעל שוים.

י. קיסין.

* * *

שטילע טענער.
כמורער הימעל.
פויגעל רייסען צו די וואלקענס זיך.
עס וועט רעגענען, מיין קרוין.
פויגעל וועלען ערגעץ־וואו פארפליהען
מיט פארנעצטע פליגלען.

מאטע טענער.
מיין פארוואלקענט הארץ.
און דו, מיין בענקשאפט, רייסט זיך צו די וואלקענס הויך.
עס וועט רעגענען, מיין קרוין,
און דו, מיין בענקשאפט, וועסט פארפליהען ערגעץ־וואו
מיט צופליקטע פליגלען.

ב.

אין דיין פנים — צער —
בעוועגלאז —
שווייגענד —
ביזטו געבליבען שטעהן ביים ראנד פון מיין הארץ.
עס האט מיין הארץ געברענט.
דיין שאטען האט געציטערט אין די פלאמען.

כ. מינקאוו.



## מ. אלגין און גענעראל קוראפאטקין

---

אין דער אידישער אמעריקא, איז ווערען א קריטיקער איבער־הויפט זעהר גרינג: מען דארף נור קריגען דעם ערשטען פלאטץ וואו צו אפזועצען די ערשטע קריטיק.

ווי נור די ערשטע קריטיק איז אפגעזעצט, ווערט מען שוין א קריטיקער... דער ביכער־ארויסגעבענדער עולם ציטערט פאר איהם. כאטש ער האלט ניט פון איהם. שיקט איהם צו זיינע ווערק צום קריטיקערען, כאטש עס ווייס אז ער פערשטעהט ניט מעהר פון איהם. און נאכדעם ווי דער דאזיגער קריטיקער קריטיקעוועט אפ א יאהר, אדער צוויי — זאמעלט ער צונויף זיין „קריטיקאכץ" אין א בוך... און ער אנאנסירט „אז דאס איז דער ערשטער בוך קרי־טיק אין אידיש"...

איז אלגין פון דעם מין קריטיקער? — יע!
פרובירט ניט פארגלייכען אלגינען צו בעל־מחשבות און צו ניגער. — ווייל דאס וועט זיין אן עולה געגען יענע.

בעל־מחשבות איז טענדענציעז, פער'עקשנ'ט, ניט ווייט־גריי־כענד, אבער דערפאר, איז ער כאטש מעהר וועניג אויסגעהאלטען, און ווייס וואס ער וויל... בעל־מחשבות איז ניט קיין אגזאנער פון נייע אמת'ן, אבער דערפאר א מענש מיט גראדען שכל, בעל הבתי'שען שכל...

ניגער'ס מעלה איז: וואס ער איז באגייסטערט, קענט איהר פון איהם ניט פיעל פאדערן... ניגער איז א „פערטייטשער"", און א „פארטייטשער" קען אריינטייטשען וואס ער וויל...

אלגין אבער איז אן איבערגעפיהרטער אידישער לעזער און ניט מעהר... א לעזער וואס נעהמט זיך די העזה צו רעדען וועגען אלץ. און מיט אויטאריטעט פון א מבין.

ביי אלגינ'ען, איז א מיש־מאש אין קאפ, א תוהו ובוהו אין מח, און ער ווייס אליין ניט וואס ער זאל וועלען פון א שרייבער. און וואס ער זאל ניט וועלען...

באמת זיינען איהם ערעלשטאם און באושאווער פיעל נ ע ה נ ט ע ר ווי מאני לייב און יוסף ראלניק... באמת, איז אלגין'ס נשמה מליצה'דיג גערערט, געוועבט פון די סאמע גרעבסטע טענדענציעזע פעדים, אין גרונד גענומען וואלט ער געוואלט אז די קונסט זאל דיענען א געוויסען צוועק — פאר וואס זשע מאכט ער זיך פאר א יונגען, פאר א מאדרניסט?

ווייל ער וויל שפילען די ראליע פון א מאדערנעם... ער וויל זיין לוים דער לעצטער מארע, דאס איז אלעס !

אבער שרייבענדיג פארקריכט ער זיך אין זיין אייגענער אלטער נשמה און עס לאזט אויס א משפוכא : ביי די אלטע שריפטשטעלער פארערט ער מאדערניזם, און ביי די יונגע לויבט ער דוקא זייערע אלטע מאטיוון...

ווען דער לעזער פון אלגין׳ס „אין דער וועלט פון געזאנגען" וועט איבערלייענען דעם בוך און וועט זיך וועלן פאסען א בעגריף „וואס איז פאעזיע" ? — בין איך זיכער אז ער וועט פון דעם בוך דאס ניט וויסען... פאר וואס ? — ווייל אלגין אליין ווייס ניט !...

אלגין רעדט זעהר הויך, וועגען פאעזיע, שטעלט געוואלדיגע פאדערונגען צו ראזענפעלד׳ן און יהואש׳ן און ווערט שפעטער אביסעל בעגייסטערט פאר פיעל שוואכערע פון זיי : פאר ליעסינ׳ען און איינהארן.

אלגין חקירה׳ט : וואס איז פאעזיע ? א גוטע שפראך ? — יע... אבער מען דארף אויך ריטם... ריטם איז נאך אבער גארנישט. מען דארף קענען צופאסען די שפראך צום אינהאלט... אבער דאס איז נאך אויך ניט די ריכטיגע מאס : מען דארף אויך האבען נשמה... די נשמה פונ׳ם ליעד. דעם „עטוואס". איז דאך שוין ווידער גוט... איז ער זיך אבער צום סוף מודה : „אז מען קען ניט געבען קיין כללים ווי צום דערקענען א גוט ליעד".

וואו זשע בלייבט דעם ארימען לעזער נעביך ?

עס בלייבט איהם בלויז איין זאך : ביי יעדער ליעד וואס ער וועט לעזען זאל ער קומען צו אלגינ׳ען און פרעגען : רבנו אלגין, איז דאס א גוטע ליעד אדער ניט ?...

און דאס זעלבע וואס איז געשעהן מיט אלגין ביי דער פאעזיע, איז מיט איהם געשעהן ביי זיינע „ליטעראַרישע ריכטונגען" : אויף דא ווייס ער ניט, ווי אזוי ער זאל פסק׳ען. אויף דא איז ער ניט זיכער אין דעם וואס ער זאגט... אויף דא מוטשט ער זיך. און דעם לעזער נעביך אויף עטליכע און פופציג זייטען — און קען אליין ניט ארויסקריכען...

פון זיינע ליטעראַרישע ריכטונגען קען מען בשום אופן־ניט וויסען, וועלכע זיינען די אמת׳ע ריכטונגען און וועלכע ניט, וועלכע זיינען די נייע און וועלכע די אלטע.

ער פארמעסט זיך צו רעדען וועגען ריכטונגען, בעשטימען וואס איז אזוינס „מאדערניזם" און ער שטעלט זיך בלויז אפ ביי דעקאדענץ פון סימוואליזם. דאס בלייבט ביי איהם פון אלע מאדערנע ריכטונגען...



אבער אויך ביי דעקאדענץ און סימוואליזם האלט ער זיך ניט לאנג : אז עס קומט צו זאגען דעם ריכטיגען ווארט — איז אלגין ניטא אין דערהיים (איז ער אין „פארווערטס"). פון סימוואליזם זאגט ער זיך אויך תיכף אפ... און בלייבט בלויז ביי דער דעקאדענץ.

אלגין אלס „קריטיקער" איז א תלמיד פון אב. קאהאן : דאס זעלבע דרעהען זיך, דער זעלבער פולער מויל מיט ווערטער : פון „א ווארט א קווארט". די זעלבע פאפולאריזאציע... און דער זעלבער ניט קענען ארויסזאגען דאס רעכטע ווארט... און צייטענווייז אפילו דער זעלבער „סטיל".

אין אלגינ׳ען אלס קריטיקער קעמפען צוויי פארשוינען : א געזאלט זיין עסטעטיקער, פיין־שמעקער, און א פראפאגאנדיסט מאקסיסט־בונדיסט און פראקלאמאציע־שרייבער. אמאהל איז דער עסטעטיקער גובר דעם פראקלאמאציע שרייבער און אמאהל פערקעהרט, נור אין גרעסטען טהייל פלאנטערן זיך ביידע פארשוינען איינער דעם צווייטען אונטער די פיס...

אלגין אלס קונסט־קריטיקער און אפילו שוואכער ווי פלעכאנאוו אלס אזעלכער.

איך האב אמאהל געלעזען פלעכאנאוו׳ס אן אפשאצונג וועגען איבסען. איז דאס פריקרע אבער דאך אויסגעהאלטען. איהר זעהט כאטש א גאנצען מענשען פאר זיך, א גאנצען מארקסיסט מיט א פעסטער וועלט־אנשויאונג...

אלגין אבער איז א שוואך, צושאקעלט מענשיל וואס האט אליין קיין אייגענע „ליטעראַרישע ווערטהען" ניט...

רעזומע : אלגין אלס אידישער קריטיקער איז דאס זעלבע וואס דער רוסישער גענעראל קוראפאטקין איז אלס מלחמה־פיהרער : ביידע זייגען ענטלויפער, צוריק־געהער. דאס איז זייער סטראטעגיקע...

זיי הויבען אן קאמף און מאכען תיכף „ויברח"...

אלגין ענטלויפט פון יעדער פעסטער מיינונג. פון יעדען זיכערען געדאנק. ער ענטלויפט פון זיינע אייגענע בעשטימונגען. ער ווארפט פאזיציע נאך פאזיציע. אט מיינט דער לעזער אז דא וועט שוין אלגין אפפייערען די ריכטיגע קויל — ערשט ער שטעלט נאר פיס... און דו נעה לויף איהם נאך !

אלגין׳ס פעהיגקייט — איז אין צוריקטריט. אלגין׳ס בוך פון „דער וועלט פון געזאנגען". איז א רוכפאל אויפ׳ן פעלד פון קריטיק ווי קוראפאטקינ׳ס סטראטעגיקע אויפ׳ן שלאכטפעלד...

דער לעבעדיגער:

## קאראהילד

אין שוואַרצען זיידען־קלייד, אין שלייערען פון קרעפּ געהילט,
ביזטו צום ערשטען מאָל פאר מיר ערשינען, קאָראַהילד,
דו ביזט געקומען מיט דעם זיפץ פון שאָטענס אין דער נאַכט,
און אויפגעפלאַטערט האָט אַ טרויער־זעגעל אויף מיין שיף
פון שלאַכט,
און באַנג געשאָרכט אינט לעצטען שלוכצען פון דערשטיקטען
ליכט,
וואָס איז פאַרצוקט געוואָרען פון דער פינסטערניש, געדיכט.

דו האָסט קיין וואָרט געזאָגט. דיין אויסגעשטרעקטער
אָרעם בלויז —
אַ ווייסער שוואַנען־האַלז זיך טוקט אין טונקלען וואַסער־
שוים —
האָט שטיל און שמאָלין באַריהרט מיין האָרץ, מיין אויג, און
ביזט אַוועק —
אַ שוואַרצער שוואַן האָט אָפּגעגליטשט צום נאַכטליך־ווייטען
ברעג.
ווער האָט געשיקט דיך, און ווער ביזטו שוואַרצע קאָראַהילד?
אַ שטראָף? נקמה פאַר אַ זינד? צי נאַר אַ וואַנדעל־בילד?
און האָט מיין ערשטער טאָג געגעבען בלויז דערפאַר אַ שיין
אַז דו, אַ קאָראַהילד, זאָלסט קאָנען טריאומפירען: „מיין“?

ב

איך גייה אין פינסטערניש. מיך פיהרט אַ לאַנגע לענטע קרעפּ.
אַראָפּ, אַראָפּ און טיעפער אלין אויף ווינדעל־טרעפּ.
און אונטען דאַרטען וואַרט — אַ גרינגע — מיין לעצטע שעה.
און דו, געביטערישע קאָראַהילד, ביזט דאָרטען דאָ.
דו וואַרטסט אין טונקלען קעלער, וואָס קריגט זיין איינציגען
שיין
פון דיינע אויגען, וועלכע וואַרטען; איך זאָל זאָגען: „דיין!“
דו וואַרטסט געדולדיג. צעהלסט די שאָטענס פון מיין יעדען
טאָג,
און יעדען בליק פון מיינע אויגען, מיין האַרצענס יעדען שלאָג.
און באַלד — איך בין דאָרט אונטען. איך און דו און קיינער
מעהר.



פאַרשוואונדען גאָר די וועלט. קיין שיין, קיין קלאַנג קומט
ניט אהער.
בלויז דו און איך, און איך אַזאַ ווי דו אליין פאַרלאַנגסט,
בלויז דו און איך, און פון מיין זעל די טויטליך־באַנגע אַנגסט,
בלויז דו און איך, דיין אויגען־בליץ און ס'שלאָגען פון מיין
האַרץ,
בלויז דו און איך דיין אויג, מיין האַרץ — און ווייטער שוואַרץ,
שוואַרץ, שוואַרץ...

א. לעיעלעס.

## גאָסען

ציהען זיך גאַסען אַוועק און זיי ווערען אין שמאָלקייט
פאַרלאָרען.
גאַסען און גאַסען און גאַסען, עס ווערען פון גאַסען געבאָרען
געסעלעך קליינע און שמאָלע, ווי קינדער פאַרשלומפּערט,
פאַרשמירטע.
זיי קוקען מיט אויגעלעך גרויע, בגנבה, ווי שעהן,
אויסגעצירטע,
די גאַסען די ריזיגע טאַנצען, פאַרפּודערטע און דעקאַלטירטע
און ווינקען מיט אויגען פאַרשכורט פון תאוה, מיט בליקען
פאַרפיהרטע...

ציהען זיך גאַסען אַוועק, און זיי ווערען אין לאַנגקייט
פאַרלאָרען,
לויפען די קאַרס ווי די שלענג אום אין וועגענער יאָגען און
פאָהרען
זיי יאָגען זיך איינס נאָכ'ן צווייטען, ווי זיי וואָלטען אלע
פאַרוועטען:
ווער ס'וועט איבעריאָגען דעם צווייטען זאָל ווערען צופּראַכט
און צוטרעטען

ב

גאַסען און גאַסען. עס בינדען זיך גאַסען אין גאַסען און
לויפען,
און לויפען אריין איינס אין צווייטען, און לויפען ארויס פון
דער שטאָט.
עס קיילען זיך גאַסען אין גאַסען, און געסעלעך קליינע ווי
שרויפען

שרייפען די שטאט-ווענט איין פעסטער, און זיכערען איין
איהר יסוד...

גאסען און גאסען : איך דרעה זיך אריין אין די איינצעלנע
ריינגען
און וויקעל ארום-זיך די שטאט אין איהר גאנצקייט און גרוים :
א ריזיגע מאמע האלט טויזענטער קינדערלעך קליינע אין
ווארימען שוים,
און טויזענטער שטימעלעך וויינען און שרייען : מיר ווילען,
מיר ווילען ארוים
און טויזענטער שטימעלעך לאכען. און טויזענטער
שטימעלעך קווועלען

און טויזענטער גלעקעלעך קלינגען
און טויזענטער קינדערלעך שפרינגען
ווי זאל דאס מיין הארץ נישט געפעלען
ווי זאל דאס מיין הארץ נישט געפעלען ? !

י. י. סינאל.

# ליעדער

א

מיט א תפילה אין זיין הארצען
זיצט ער ביי זיין ארבייט ;
זיצט א גאנצען טאג און בעט :
„זאל זי קומען היינט צו מיר !"

טוט אן עפען ווער די טיר —
ציטערט אויף אין איהם דאס הארץ.
און ענטוישט אין זיין געבעט
דריקט ער שטיל צונויף די הענט.

ווערען פלוצים ענג די ווענט
אין איהר גרויסען, שטומען הויז.
שטיקען, דריקען זי צונויף,
שטופען זי פון הויז ארוים.

טראגען זיך די פיס אליין
גלייך צו איהם אין הויז אריין.



פון דערווייטענס הערט ער שוין
איהרע לייכטע, שנעלע טריט,
שטראמט די תפילה פון זיין הארץ
זיך אריבער אין זיין אויג...

ב

קוקען קוקט ער ניט אויף איהר
ווען זי עפענט אויף די טיר.
דריקט די האנט איהר לייכט און קאלט...
כאפט צוריק אוועק איהר באלד.

בעט איהר זיצען גענען איהם.
פרעגט ער ווען נים ווען א ווארט —
קלינגט דאס קול זיינס מאדנע טעמפ,
און דאס פנים — שטייף און פרעמד.

בויגט זי זיך אוועק צום וואנד
מיט אן איינגעשלאסען הארץ...
זיצט און גאפט... און ער — ער שווייגט —
ווערט דאס צימער פאר איהר ענג...

נעמען זיי זיך זעגענען,
גיבען זיך די הענט,
מיט א מאל — א שטראם פון ווארימקייט
פון האנט צו האנט ;

פינגער — איינגעקלאמערטע,
אויגען — אויפגעצונדענע. —
צוויי געשטאלטען גיסען זיך
צונויף אין איין געשטאלט.

ג

היינט שיינט די זון.
מיין פרייד און גליק האב איך געוואלט
מיט דיר צוטיילען,
און דיר דערצעהלען :
איך בין פארליעבט ! בין ניי געבוירען !

— — — — — — — — — — — — — —

עס שיינט די זון,
נאר מיר איז קאלט —
דו האסט מיך אין דיין אייז פארפרארען...

אידא גלאזער.

## צו גינגעלי

אַ גינגעלי, מיין בלוטיג הארץ,
ווער איז דער יונג וואָס טרוימט אין שניי
און שלעפּט די פיס ווי קלעצער צוויי
אין מיטען גאס ביי נאַכט ?

דאָס איז דער תכשיט משה לייב
וואָס וועט אמאָל דערפריהרען
בעת ער וועט פון פריהלינג-צווייג
און בלומען פאנטאזירען ;
און וועט ער ליגען שוין אין שניי
און זיך שוין מעהר ניט ריהרען,
וועט ער אין טרוים נאָך דעמאָלט אויך
אין זאנגען-פעלד שפּאַציערען.

טרוימט דער תכשיט משה לייב,
זינגט דער וועכטער טרי-לי-לי,
ענטפערט דער באָסיאַק האפּטשי,
מאַכט דאָס הינטעל האוו-האוו-האוו,
מאַכט דאָס קעצעל מיאו !

אַ גינגעלי, מיין בלוטיג הארץ,
ווער קריכט אין שניי אהער, אהין,
און זעהט זיך זיצען ביים קאָמין
אין מיטען גאָס ביי נאַכט ?

דאָס איז דער תכשיט משה לייב
וואָס פוילט זיך צו פערטראַכטען ;
ער פריהרט אין שניי און זעהט פאר זיך
אַ פּאלאַץ אַ פאַרמאַכטען,
און זיך אליין דעם קעניג דאָרט
פון שומרים אַ בעוואַכען
און אַלע זיינע יאָהר פערגעהן
ווי זונען אין פאַרנאַכטען.

בענקט דער תכשיט משה לייב,
זינגט דער וועכטער טרי-לי-לי,
צו זיך אליין גוט-מאָרגען.



ענטפערט דער באָסיאַק האפּטשי,
מאַכט דאָס הינטעל האוו-האוו-האוו,
מאַכט דאָס קעצעל מיאו !

אַ גינגעלי, מיין בלוטיג הארץ,
ווער קאָרטשעט זיך אין דרייען איין
און האפּקעט ביים לאַטערין-שיין
אין מיטען גאס ביי נאַכט ?

דאָס איז דער תכשיט משה לייב,
וואָס שטעלט אין שניי זיך טאנצען
כדי עס זאָלען איהם די פיס
ניט איינפריהרען אין גאנצען ;
דאַביי זעהט ער דעם שניי אויף זיך
ווי צווייט אין זונשיין גלאַנצען
און מיידלאך מיט צעלאָזטע האָהר
בעציערט מיט פייער-קראַנצען.

טאַנצט דער תכשיט משה לייב,
זינגט דער וועכטער טרי-לי-לי,
ענטפערט דער באָסיאַק האפּטשי,
מאַכט דאָס הינטעל האוו-האוו-האוו
מאַכט דאָס קעצעל מיאו !

אַ גינגעלי, מיין בלוטיג הארץ,
צי איז דען דאַ אין שטאָדט אַ האָהן ?
ווער האָט דאָס אזא קרעה געטאָן
אין מיטען גאָס ביי נאַכט ?

דאָס איז דער תכשיט משה לייב,
וואָס האָט ניט וואָס צו זאָרגען ;
און ווייל איהם דאַכט זיך אַז דער טאָג
האָלט ערגיץ זיך פאַרבאָרגען,
און ווייל איהם דאַכט זיך אַז מען האָט
דעם לעצטען האָהן דערוואָרגען,
צוקרעהט ער זיך אליין און זאָגט

קרעהט דער תכשיט משה לייב,
זינגט דער וועכטער פריי־לי־לי,
ענטפערט דער באסיאק האפטשי,
מאכט דאס הינטעל האוו־האוו־האוו
מאכט דאס קעצעל מיאו !

## וואס ווילען זיי ?

א

ס'איז פינסטער מיר אזוי נאך קיינמאל ניט געווען —
דאס איז דער סוף וואס קומט. איך ווארט עס זאל געשעהן
אך זעה שוין איצט די לייט, וואס וויינען ארום מיר.
פאר זיי איז וואונדערלך צו זעהן ווי איך קראפיר.
וואוהין אנטלויפט מען דאס פאר אט־א־דעם געוויין ?
וואס לאזען זיי מיך ניט כאטש פגר'ן אליין ?
וואס ווילען זיי, וואס טוען זיי מיר איצט נאך וועה ?
וואס ווילען זיי ? · וואס ווילען זיי ? וואס ווילען זיי ?

ב

— וואס נעמסטו דיין האנט ניט אראפ פון מיין הארץ ?
— ניין, ברודער, דאס איז ניט מיין האנד אויף דיין הארץ.
דאס וויינען מתנות, וואס איך האב מיט מיר,
געבראכט פון די ווייטסטע לענדער פאר דיר.

— וואס נעמסטו די שלאנג ניט אראפ פון מיין הארץ ?
— ניין, ברודער, דאס איז ניט קיין שלאנג אויף דיין הארץ.
דאס ליגט נעבען דיר מיט א נאקעטען ווייב
דער האר פונ'ם לעבען א לייב צו א לייב.

— וואס נעמסטו דעם שטיין ניט אראפ פון מיין הארץ ?
— ניין, ברודער. דאס איז ניט קיין שטיין אויף דיין הארץ.
דאס זיצט אין א ווינקעל די קליפה, די נוים,
איהר פוס אויפ'ן קאפ פונ'ם פינסטערען טויט.

— וואס נעמסטו די שפין ניט אראפ פון מיין הארץ ?
— ניין, ברודער. דאס איז ניט קיין שפין אויף דיין הארץ.
דאס איז שוין דער אנהויב פון וואהנזין אין דיר,
וואס שרעקט זיך פאר גארנישט אזוי ווי פאר מיר.

ם. ל. האלפערן.






ה. לייוויק

## איך בין דיינער...

איך בין דיינער אזא ליכטינער, אַ שעהנער,
מיט דעם ריינעם שמייכעל פון א קינד ;
מיט דער בלינדער ערד פון מיינע הויט און ביינער
מיט דעם סם פון מיינע שוואַרצע זינד ;
מיט מיין העלען דמיון ווי אַ רעגענבויגען
וואָס פאַרבלענדט, באַזעליגט און באַצווינגט ;
מיט דעם גרויען וואָלקענדעל פון מיינע אויגען.
וואו דער הימעל און די זרע זינגט.

מאני לייב.

## מיעד

מיעד בין איך און איינגעשרומפען —
אומעטום נאָר זומפען, זומפען...
מיט אַ טרויער־רויך פאַרצויגען
זיינען מיינע אויגען.

פרעמדע מערק און פרעמדע הויפען.
לייב פאַרקויפען, גייסט פאַרקויפען...
מיעד בין איך און איינגעשרומפען,
זומפען, זומפען...

טריפען טעג און יאָהרען שווימען —
לאַכט דער נאַר אויף טויזענד שטימען...
מיט אַ טרויער־רויך באַצויגען
זיינען מיינע אויגען.

נחום י.



## מענשען פון דער גרויער גאַס

קומט און עפענט מיינע טירען
מענשען פון דער גרויער גאַס ;
קומט אריין, און ביז „פריהמאָרגען
וועלען מיר דאָ טרייבען שפּאַס.

כ'האָב מיין חלום ניט דער'חלום'ט,
האָב איך עס אין זיך צושטערט ;
ליגט מיין חלום האַלב דערקוילעט,
קייקעלט זיך אויף הוילער ערד.

קומט אריין דורך טיר און פענסטער ;
זי וועט קומען, זאָגט איהר, אויך ? —
זאָגט איהר, כ'האָב צושטערט מיין חלום,
און אוועקגעלאָזט מיט רויך.

און וואויל־יונגעריש פארטרונקען
אין דער האַלב־נאַכט שפּעטער שעה ; —
זאָגט איהר אז אנשטאָט דעם ערשטען,
וואוינט אן אנדער מענש אַט דאָ.

## שלאָף איין

שלאָף איין, —
אזוי איז דאָס געווען, אזוי וועט זיין, —
דאָס אינגעל בענקט אַ גרויסער שוין צו זיין ;
עס בענקט דער גרויסער צו זיין אינגעלישקייט צוריק,
עס בענקט דער אלטינקער צוריק אין וויג.

שלאָף איין, —
אזוי איז דאָס געווען, אזוי וועט זיין ; —
און שנייד עס נאָך אין פריהסטען פריהלינג אָפּ.
דער טאַטע האָט געזייהט אין פריהלינג פעלד,
און זינגענדיג געשניטען עס אין שניטער־צייט, —
איך זעע די טעג מיינע אויף גאַס און וועג,

שלאף איין, —
אזוי איז דאס געווען, אזוי וועט זיין, —
אין פענסטער קוקט אריין לבנה־שיין ;
נעם, קלייב אן אלטע שעהנע וויג־ליעד אויס,
און ליולע זיך ביז גרויען מארגען איין,
און זינג זיך שטילערהייט :
שלאף איין — שלאף איין —
אזוי איז דאס געווען, אזוי וועט זיין.

א. ניסענזאן.

## ליעדער

א.

— א־א־א, דו אונרוה מיין.
וויג איך איין אין זיך מיין פיין ;
רייד איך צו מיין הארץ און זאג :
-- ס׳קומט נאך אן פאר דיר א טאג ;
ערגיץ־וואו א יום־טוב קלייד
איז פאר דיר נאך אנגעגרייט...

הענגט פון באלקען נאך א שטריק,
וויגט די מאמע מיך אין וויג :
— א־א־א, נשמה מיין,
קומען וועט דער טאטע דיין ;
וועט דיר ברייגנען מאנדלען, ניס, —
מאנדלען רויטע — צוקער־זיס.

וייגט די וויג זיך הין־און־הער,
שלינגט די מאמע טרעהר נאך טרעהר...

- א־א־א, דו אונרוה מיין,



ב.

איך וויים נים צו וועל איך דערלעבען
אן עלטער פון גרייז־גראהע האר ;
איינס וויים איך, — אז גראה און אין גראהען
פארגעהט מיר א יאהר נאך א יאהר.

איך וויים נים צו וועט אויף דער עלטער
מיין אייגענס מיך פיהרען ביים האנט ;
איינס וויים איך, ס׳וועט שלאגען מיין שעה
אין ווייטען פארוואגלטען לאנד.

צו וועל איך מיין טאטען און מאמען
נאך טרעפען אמאל אויף מיין וועג ;
איינס וויים איך, — נים איך וועל זיי ברייגנען
דעם שכר פאר געליטענע טעג...

ג.

צו געהט נאך וויים מיין וועג, צו האב איך בלויז געצעהלטע טעג
אלין איינס — מיר האט זיך היינט פארוועלט,
א ליוב־געזאנג, א זיי־געזונט — זיך שיידענדיג,
איצט שיקען צו דער וועלט.

יא, יא, — א דאנק פון מיר — אייך אלעמען ביי וועמענס טיר
איך האב ווען אויפגעאטעמט פריי ;
אויף פרעמדען שוועל מיט ברויט און זאלץ זיך קוויקענדיג,
אין ווייטען וועג פארביי.

וואו ס׳האט מיין צווייפעל־פיין און שאטען צי אין שיין,
צוזונגען זיך פון אונרוה־טעג.
און אויף א ווייל כאטש, האפענדיג און הפקר׳דיג,
געמאכט מיר גרינג דעם וועג...

ב. י. ביאלאסטאצקי.

## אין קיך

איך זיין אליין אין קיך.
קאפ-קאפ, קאפ-קאפ, קאפ-קאפ —
טריפט טראפענווייז דאס וואסער פונ׳ם קראן
אויף גיך, אויף גיך,
און דאן —
פאמעליכער, פאמעליכער,
מיט לייכטע איבערגוסען :
קאפ... קאפ... קאפ...
און ווידער טוט עס זיך א כאפ
צוריק :
קאפ-קאפ, קאפ-קאפ, קאפ-קאפ... —
איך הארך :
דאס וואסער זינגט א ליעד,
אן אלט-פארגעסען ליעד, —
איך האב דאס שוין געהערט אמאל,
נור וואו ?
און ווען ? —
הא, הא : —
אמאל, אלס קינד,
בין איך געזעסען ביי אן אפען פענסטער,
נאך א רעגען ;
פונ׳ם דאך
האט פון דער וואסער-רינע אין א טעפעל
פונקט אזוי געקאפעט, ווי אצינד
פון קראן
און אויסגעזינגען פונקט דאס זעלבע ליעד, —
און אפשר דוכט מיר בלויז אזוי ?
קאן זיין, דאס איז געווען
מיט יאהרען, יאהרען טויזענדער צוריק ? !
נאר זיכער איז :
איך האב דאס וואסער-טראפען-ליעד
שוין ערגעץ-וואו און לאנג צוריק
געהערט, —
בעווים !



## אויפ׳ן שוועל

מיין הארציגע :
עס טרעפט, דו רעדסט א צייט
און פלוצלונג כאפסטו זיך, אז איך בין ערגעץ ווייט,
אין זיך פערטהאן, —
דו-שווידערסט אויף און קוקסט מיט חשד מיך אן...
מיין הארציגע :
מיך שווידערט אויך אזוי, —
איך שרעק זיך אפט אין הויז אליין צו בלייבען,
און באטש א וואנט איז צווישען מיר און זיי,
דאך לויף איך אלין אהין,
כדי
דעם פחד צו פארטרייבען...
עס טרעפט :
איך בלייב אין הויז אליין,
און פלוצלונג טהוט א פאך אויף מיר
אן אונזיכטבארער פליגעל.
איך טהו א ווילדען שפרונג,
נעהם לויפען הין-צוריק
און שטעל זיך אפ ביים שפיגעל :
איך שפיר א מאדנעם טריב
די צונג
ארויסצושטעלען
און פראווען שטיק, —
ווי איינער וואלט מיך האלטען אויף א שטריק
און מיט׳ן וואונק
באפעהלען...

---

מיין הארציגע, פארגיב...

מ. פערעלמוטער.

# ליעדער

א

פיהלט איהר מיך ווי צו פארלאָזען;
פארלאָזט געזונטערהייד ;
זאָל אייך נאָרנישט ארען —
פאר מיין צער פאר מיין לייד, —
כ'וועל אין אייער פארלאָזען
אויך געפינען פרייד.
וועט איהר אמאָל פיהלען
צוריקקעהרען צו מיר,
קומט געזונטערהייד.
אָפען שטעהט פאר אייך מיין טיר,
דער טיש מיט וויין געגרייט,
כ'טראָג קיין בייז פאר אייך און מיר,
קומט געזונטערהייד.

ב

איך שיק פון מיפסטען הארץ
אַ גרויסען, גרויסען דאנק
צו דיר ;
וואָס האָסט באשאפען זיי
פאָר מיר
און זיי אוועק געשענקט מיר פאר אַ גרויס
געשאַנק.
און כאָטש איך פיהל זיך פוסט
און מיד צווישען זיי,
דאָך שטילט
די פוסטקייט און די מידיקייט
אין מיר מיין וועה.
און מאַכט זיך ווען אַ טאָג אַ נאַכט
וואָס איך האָב נים מיט זיי פארבראַכט,
דאן זיינען מיינע טעג
און נעכט
אי גרוי,
אי קאלט,
און ס'דוכט מיר, אז איך בין שוין
דורות, דורות אַלט.



ג

ווער עס וויל זאָל אַנעמען מיין האנד.
מעג ער פרעמד איננאַנצען זיין צו מיר,
מעג ער זיין מיט מיר שוין לאַנג באַקאַנט,
און פיהרען מיך העט וויים פון זיי אוועק.
ס'האָבען זיי'רע בליקען איינגעהילט מיין הארץ אין שרעק
מיר מיין יעדען פרייען טראָט פארצאָמט,
און מיין בלוט אין יעדען אָדער מיר פאר'סמ'ט.
ווער עס וויל זאָל אַנעמען מיין האנד,
ווער עס וויל...

ד

קומט מיין פרייד
שטילערהייד
אין מיין הויז,
אין א זוניגען קלייד
דורך'ן פענסטער אריין.
קושט מיר אוים
פון מיין הארץ
מיין וועה און מיין פיין ;
פארוויגט און באַזונט מיך
מיט זוניגען שיין,
פארשווינט ווי אַ ווינט,
פארשיים ווי אַ קינד,
פון מיין הויז
דורכ'ן פענסטער ארויס
ערגיץ וויים,
ערגיץ וויים.

ה. גורעלמאו.

## ה. לייוויק׳ס לידער

איך וועל הייסן מיין מאַטען מעהרער אכטונג צו געבען אויף דעם, קיין טריף־פסול זאָל חלילה נים אריינפאַלען צו מיר אין האַנד אריין ווארום עס איז נים אויסצושטעהן פון זיי !

אבער פון די סאַמע בעסטע פון די טריף־פסול׳ס איז געווים לייוויקס לידערבוך. כאַטש אַ טריף פסול איז תוך גענומען, אבער מים פולציימינקיים וואָס זעלטען אז נאָך אזא בוך זאָל זיך קענען גלייך אין זיין שורה שטעלען. לעזער פון ביכער ווייסען פון די היערקיים וואָס יענע פאַר־צייטיגע זאכען יאָגען פון זיך, און די לעזער דאַנקען געווים דער געלעגענהיים פאַר דעם בוך.

צו איז עס דערפאַר, ווייל די מאַטיוועז זענען אזעלכע דאַנקבאַרע, צו דערפאַר ווייל דער איד לייוויק האָט טאַקע אזוי דורכגעליימערט זיך אין דעם פיין ביז צו דורכלעבען זייער גאַנצען מיין ביז צו זייער פאַטישער דין־פיינקיים. זיכער אז די ביירע טראַגען צו געוויסע טיילען צו דעם. אבער אזא שאַרפען פאַרנעם פון די אומעט־איינזאַם מאַטיוועז. און אפשר פון וועלכע אנדערע מאַטיוועז צונלייך, איז נאָך קיינמאָל נים אוועקגעשטעלט געוואָרען אין אַ אידיש בוך לידער.

די מאַטיוועז. אמת. זענען זעהר אבסטראַקט. האָבען כמעט מים אַ לעבעדיגען מענש גארנים אדער נאָר ווענינ געמיינשאַפטליכקייט.

צו דיין הויז בין איך געגאַנגען,

— — — — — — — — — —

שאָטענס האָבען שטיל געשלאָפען,
און ער איז אריין —
און מים אַלע שאָטענס
אַפגערוהם.
מים אַ דאַנק אויף מיינע ליפען
בין ארוים. (ז. 21)

אבער פון די נעמאָסטענע ריטהמיק ווערט אמאָל אזא מין געפיהל, ווי עס וואָלם ערגעץ זיין אַ לעבען אהן באוועגונג, אַ לעבען פון הוילע שאָטענס, אַ לעבען וואָס לייוויק האָט געזעהען אדער געשפען.

לייוויקס לידער זענען אזוי צו זאָגען נים אונזערע לידער, נים אונזערע מאַטיווען־געזאַנגען. ער זעהט אנדערש, ווייסט אנדערש, זאָגט אנדערש און מיינט אפשר אנדערש.

איך בין אַ צוויי געשטאַלטיגער — — —
און קיינער זעהט נים ווי קרום עס איז דער וועג



פון מיינע טריט. (ז. 163)

אויף דעם סאַמע גרענעץ פון פראָזע, אבער ער האָט עפּעס גע־וואָלט און עפּעס געזעהען. אין זיין צווייגעשטאַלטינקיים און קרומע וועגען שטעלען איהם אין דער באזונדערע, עפּעס נים כשר׳ע זאַנדערבאַר־לאַגע. די מינאָריטעטען וואָס שטעלען זיך אזוי בייז־ווילינ אוועק און פאַרלאַנגען זייער פול רעכט.

ביי מינאָריטעטען וואָס קרינען קיינמאָל נים וואָס זיי ווילען, וואָס מוזען זיך צופאַסען אין די גלייכע וועגען אריין, וואָס מוזען אמאָל אויפהערען צו מאַנען און אויפהערען בייזוויליג צו זיין. די מינאָריטעטען צו וועמען די כשר׳ע גוטע וועלט הערט זיך צו שטענדינ ווייל עס איז דאָ וואָס צו הערען, ווייל די וועלט האָט אויערען און וויל דאָך אַלע מאָל אנדערש זיין, כאָטש איין גאָט ווייסט אז זי קען נים.

די מינאָריטעטען לעבען דאָך שטענדיג אין דעם פרידען פון דער וועלט, אבער זיי מיינען אז —

די וועלט איז גרוים, אויך מיר, מיר זענען גרוים,
און אייביג איז דער טאָג פון אונזער לעבען. (ז. 30)

זיי מיינען אין כלל גענומען, אז זיי זענען די מאַיאָריטעט, דאָס וויכטינסטע פון אַלע נים־וויכטינקייטען, פון אַלע נאַרישקייטען.

אבער לייוויק איז נים אויסגעהאַלטען אין זיין מינאָריטעט־באַגריף. מעהרער דאַכט ער, אז ער איז אליין, דאַמאָלט פעהלט איהם אוים יענע קלוגע פעסטע זיכערקיים מים זיך און מים זיין וועלט. עס פעהלט איהם דער בעסער פארשטעהן וואָס ער זעהט, ער זעהט טאַקע אַ סך.

פּרובירט ער זיך אַלע מאָל ארויסהויבען פון זיין גאַס און דערגרייכט שטענדיג די געוועגליכע הויף, פון יענעם באַקאַנטען וואַנדרער, בלאָנדזשע, און נים וויסען וואו ער איז דאָרט. דערגרייכט נים ווייטער ווי די אַלע וואָס זאָלען זיך רופען מינאָריטעט־דער־גרייכער, דערגרייכט קיינמאָל נים צו יענעם גרויסען שטעהן אליין וואו גאָט שטעהט, ווייל ער ווייסט נים דאָס וואָס מיר ווייסען אפשר יע. —

ווי קרום עס זענען זייגע וועגען.

יענע וועגען וואָס פאַנגען זיך אָן פון דעם נים וויסען און ענדיגען זיך ביי דעם נים וויסען. יענע וועגען וואָס פאַנגען זיך אָן מים דעם זוכען און ענדיגען זיך דאָרט, יענע באַקאַנטע וועגען וואָס פיהרען אין ערגעץ ניט און כשר׳ע מענשען ווייכען פון זיי, אויב זיי ווייסען נים דאָס וואָס מען דאַרף וויסען.

איך וויים נים ווער עס האָט מיך אויסדערוויילט פון אַלע,
און פרעמד, פאַרשיימט, פון אַלעמען דערווייטערט. (ז. 9)

זעהט ליעוויק די בילדער אין זייער גאנצער גרויס, זעהט לייוויק אלצדינג, אבער ווייסט נים גארנים וואס און פארוואס. מאכט ער צו די אויגען, אבער די בילדער יאגען איהם נאך ביז צום פייניגען.—

לאזט לייוויק'ען צורות !
(ז. 67).

ער קען קיינעם נים און וויל קיינעם נים קענען אפשר. אפילו זיך אליין קען ער אויך נים מעהר ווי א קליין קליינעם טייל. די שטילע טייל וואס זיצט אין שטיל, וואס לייד אין שטיל, וואס איז עלענד שטיל און וואס פארגעהט אין שטיל.

איך דער שטילסטער פון די קינדער.
(ז. 10)

און ער הארמאנירט פאלשטענדיג מיט די פארבען וואס ער האט זיך אויסגעקליבען.

ווייסער שיין, לבנה שיין,
לייכט מיר דורך די אויגען.
(ז. 4).

די פארבען פון פארנעהן, פון אויסגעהן, פון פאלקאמענע מידקיים. זיין ליעד פון פארגעהן (ז. 64) איז די פיינסטע מוזיק פון יערטער צונעקליבען פון א בילדער־רייכקיים, פון א פארבען־רייכקיים, און פון א ווייט און ברייטער ארעמער נים וויסען וואו איין און אויס אין דער רייכקיים־זיין רייכקיים.

די זעלבע מוזיק צונעפאסט צו אונזער א כשר'ען באגריף, צו א וועלטליכען באגריף פון לעבען און באוועגונג, צו יענעם פעסטען פארשטעהן מיט וואס די וועלט וועבט אזוי אויס טאג מיט נאלט, רעמאלט וואלט עס פארשטעהט זיך נאר אנדערש געקלונגען.

אבער לייוויק האט נים קיין אינטערעס אין לעבען און באוועגונג וואס איז אויסער איהם און זיין בלאנזשען. אזוי קומען ארויס די לידער ווי קלאנגען פון ווערטער און ווערטער, ווי לידער וואס מאכען ביכער, ווי ביכער מיט ביכער געוויקעלט אין ביכער. טויטע ביכער.

וואס זיינען אין פאלשטענדיגען קאנטראסט מיט דאס וואס באוועגט דעם טאגליכען עקזיסטענץ, מיט דאס וואס באוועגט אלסדינג אויסער די ביכער. אגן אזוי רופט זיך יענער מאנאטאנער בארג ביכער ליטעראטור און דער קלוג־נארישער אייבינער באוועגונג־מאשין־לעבען. פרעגען טאקע מענשען :

— ווארום זיינען יענע ביכער אזוי פרעמד צו אונז, אזוי נאהענט און דאך אזוי ווייט ?

די אייביגע פראגע און דער אייביגער ענטפער :

— ליטעראטור !

און נים די פראגע אינטערעסירט יענע וואס מאכען די ביכער און נים דער ענטפער באררהיגט און פארענטפערט אימעצען.

עס איז נים דאס.
ה ע ר מ א ן  נ א ל ד .



# וואלט וויטמאן

די טעג איז געפייערט געווארען דער 100 יעהריגער געבורטסטאג פון'ם אמעריקאנעם דיכטער וואלט וויטמאן.

* וואלט וויטמאן — געלעבט אין ניו־יארק און ארום ניו־יארק — איז אין זיין דיכטונג געווען אזוי בדייט, ריזיג — ווי ניו־יארק אליין. די אפיציעלע אמעריקאנער פראפעסארען — פון ליטעראטור, ווילען נאך אלץ וו. וויטמאן'ען נים אנערקענען. ער איז פאר זיי צופיעל רעוואלוציאנער, סיי מיט זיינע אלגעמיינע אנשויאונגען און סיי מיט זיין סטיל, פארם און פערזען. אין דער מאדערנער ליטעראטור אבער — נים נור פון אמעריקא — נאר אויך פון ענגלאנד, פראנקרייך און אנדערע — ווייסט מען די גרויסע באדייטונג פון וואלט וויטמאן — דעם ריעז פון דער אמעריקאנער ליטעראטור, דער פאטער פון דער מאדערנער אמעריקאנער דיכטונג.

---

## א. ווייטער

געשטארבען א מארטירער טויט אין דער „ירושלים דליטא" — אין ווילנא.

א. ווייטער — דער פייערדיגער רעוואלוציאנער, דער איבערגעגעבענער איד, דער סימבאל פון לײדענדען אידישען אינטעליגענט — דער דיכטער פון „שטימען", „פארטאג", אין פייער און אנדערע פאעמען.

א. ווייטער — דערשאסען פון א פוילישער האנט אין מיטען נאס פון ווילנא — פון ז י י ן ווילנא.

א. ווייטער, וועלכער איז שטארק טעטיג געווען אין דער בונדיסטישער באוועגונג, האט זיך ליטעראריש באוויזען ארום דעם יאהר 1905 מיט זיין פאעמא „פארטאג". פון דאן אן האט ער זיך אפגעגעבען מיט ליטעראטור. ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון די „ליט. מאנאט שריפטען. געארביים פאר דער גרינדונג פון א קינסטלערישען טעאטער, פיעל געארביים פאר'ן ווארשאווער „הזמיר" און דער „איד. ליט. געזעלשאפט", געהאלפען גרינדען „קלינעצקי'ס בוך פארלאג" און פיעלע אנדערע ארבייטען.

פאר דעם אויסברוך פון דער רוסישער מלחמה־רעוואלוציע, איז א. ווייטער, ווי עס שיינט, געווען פארשיקט אין סיביר — און דאן באפרייט געווארען צוזאמען מיט אלע פאליטישע פארברעכער.

נעקומען קיין ווילנא—געווארען דער פארזיצענדער פון דעם ביל־דונגס קאמיטעט — ארויסגעבען צייט־שריפטן, געהאלפען דעם נייעם טעאטער, א. ז. וו.

— און דערנאך דערשאסען געווארען אין מיטען פון א ווילנער נאס.

איינער פון אונזערע שענסטע מארטירער פון דער איצטיגער צייט — א. וויטער.

## לייב ניידים

נים לאנג צוריק האבען מיר באקומען פון גראדנא די טרויעריגע ידיעה אז דער יונגער דיכטער, לייב ניידים איז געשטארבען. דאס איז זיכער א גרוים אנווער פאר דער יונגער אידישער פאעזיע.

לייב ניידים האט זיך באוויזען אין אידישער ליטעראטור אין רוסלאנד — אין יאהר 1907. זיינע ערשטע ליעדער האבען זיך געדרוקט אין דעם ווארשאווער „ראמאן־צייטונג".

שפעטער האט ל. ניידים פארעפענטליכט זיינע ליעדער אין פארשיעדענע אידישע צייט־שריפטען און זאמעל־ביכער. אין די יאהרען 1913 און 1914 — איז ער אויך געווען אן אפטער גאסט אין אונזער אמעריקאנעם זשורנאל „צוקונפט" און אויך „נייע־וועלט".

ביים אויסברעכונג פון דער מלחמה איז ל. ניידים געווען אין ווילנא (וואו ער האט דארט פריהער מיט עטליכע יאהר פארבראכט.) צוזאמען מיט ם. שאלים'ן און אנדערע האט ער דארט א שטענדיגען אנטייל גענומען אין די פארשידענע ליטעראריש אונטערנעהמונגען. האט פארעפענטליכט א רייהע איבערזעצונגען פון רוסיש און אויך זיין איבערזעצונג פון „יעווגעניע אנעגין". לויט די ידיעות האבען אונז דערגרייכט — איז דאס לעצטע א מייסטערהאפטע ארבייט.

אין יאהר 1916 האט ל. ניידים פארעפענטליכט א באנד ליעדער „ליריק" און זיך געגרייט ארויסגעבען אין קורצען א צווייטען באנד. — — —

— איז ער געשטארבען — אינ'ם עלטער פון 29 יאהר.

צווישען די פילע נעמען פון די אידישע קינסטלער, וואו מיר האבען דורך די שווערע בלוטיגע מלחמה יאהרען פארלארען — וועט זיכער אויך געדענקט ווערען דער נאמען פונ'ם יונגסטען בר־מינן — לייב ניידים.

ב.

# פארלאג „נייע־צייט"

„נייע־צייט", דער פארלאג פאר ליטעראטור, קונסט און וויסענשאפט, איז א נייע ערשיינונג אויף דעם אידישען ביכער מארק. ער קומט, נים צו קאנקורירען מיט די עקזיסטירענדע אידישע ביכער־פארלאגען, אין נעגענטייל, ער וועט אינ־דירעקט מיטווירקען אין אלע זייערע אידעאלע און ערנסטע באשטרעבונגען. דער פארלאג „נייע־צייט" קומט מיט נייע און פרישע כחות בייצוטראגען זיין טייל ארבייט פאר דעם ווייטערדיגען אויפבוי פון דער אידישער ליטעראטור.

מיר גלויבען, אז דער פארלאג „נייע־צייט" וועט זיין אן אנגענעהמע און פריי־דיגע איבערראשונג פאר אלע פריינד און ליבהאבער פון דער אידישער ליטעראטור, ער וועט נים שפארען קיין מיה און ארבייט ארויסצוברייגען דאס שענסטע און דאס בעסטע, וואס טאלאנט, געלט און ענערגיע קענען ארויסברייגגען.

דער פארלאג „נייע־צייט" וועט גרופירען ארום זיך די טאלאנטפולסטע אידישע בעלעטריסטען; די בעסטע איבערזעצער. פון פרעמדע שפראכען און אויך קאמפעטענטע פאדליים אויף אלע געביטען פון ליטעראטור, קונסט און וויסענשאפט.

דער פארלאג „נייע־צייט" אנאנסירט דערווייל די פאלגענדע ביכער, וואס דרוקען זיך שוין און אויך די אנדערע, וועלכע ווערען פארטיג געמאכט צום דרוק און וועלען קירצליך ערשיינען:

## 1
## בעלעטריסטיק

**א. אריגינעלע שאפונגען**

1) ערצעהלונגען
פון פראדעל שטאק.

2) די אידישע מלוכה
ערצעהלונגען פון ל. שאפירא.

3) ראמאן פון א וואלד־מיידעל
פון י. אפאטאשו.

4) מיידלאך־מוטערס און שטארס משונעים
פון אסיפ רימשוו.

**ב. איבערזעצונגען**

1) איבער דער וועלט
ערצעהלונגען פון ריכארד קיפלינג, איבערזעצט פון ל. שאפירא.

2) אין יאך פון מלחמה
פון לעאניד אנדרעיעוו, איבערזעצט פון י. ענטין.

3) אלעסיע און אנדערע ערצעהלונגען
פון א. ו. קופרין, איבערזעצט פון מאני לייב.

4) גאמברינוס
און אנדערע ערצעהלונגען, פון א. ו. קופערין, איבערזעצט פון אווער־באך.

5) רוסישע ליריק, אנטאלאגיע
איבערזעצט פון ב. לאפין, מיט א פאררערע פון דר. זשיטלאווסקי.

6) ווי איך זעה עס און אנדערע
זאכען פון פעטער אלטענבערג, איבערזעצט פון משה נאדיר.

**אלע ווערק פון דעם וועלט בארימטען ראמאניסט האנארע דע באלזאק**

איבערזעצט פון ק. בערקאוויטש, א. גלאנץ און א. פרוסקין.

א פראכטפולע אויסגאבע אין 20 בענדער, רייך אילוסטרירט, מיט איינלייטונג פון היפאליט טען, געארג בראנדעס און אנדערע קריטיקער.

עס דרוקען זיך שוין פאלגענדע ביכער פון דער סעריע „די מענשליכע קאמעדיע": 1) פאטער גאריא; 2) דאס לעבען פון די קורטיזאנען; 3) פארלארענע אילוזיעס; 4) דרייסיג פאנטאסטישע מעשיות; 5) דאס מיידעל מיט די גאלדענע אויגען; 6) דרייצעהן אנדערע ראמאנען און ערצעהלונגען, וועלכע ווערען פארטיג געמאכט צום דרוק וועלען שפעטער אנאנסירט ווערען.

## 2.
## קונסט, וויסענשאפט און פאלקסלאר

1) די געשיכטע פון קונסט
פון ס. ריינאך, איבערזעצט פון ס. ראסקין.

2) די פילאזאפיע פון קונסט
פארלעזונגען פון היפאליט טען, אויס דעם פראנצויזישען איבערזעצט פון נ. פערלמאן.

3) די מוזיק
איהר אלגעמיינע באדייטונג, איהרע פארשידענע פארמען און ווי איהר צו פארשטעהן און צו ערלערנען —

מוזיק אנטאלאגיע
פון י. פיראזשניקאוו.
אפהאנדלונגען איבער מוזיק וועלט בארימטע מוזיקער, איבערזעצט פון י. פיראזשניקאוו.

4) די וועלט רעטעניש
פון ערנסט העקעל. פאפולערע סטודיען איבער מאניסטישע פילאזאפיע, איבערזעצט פון דר. א. ש. זאקס.

5) פעלקער באשרייבונג
(עטנאלאגיע) פון פריעדריך ראצעל, רייך אילוסטרירטע אויסגאבע, 6 פראכטפולע בענדער פון'ם דייטשען איבערזעצט.

6) אידישע פאלקסליעדער אין רוסלאנד
געזאמעלט פון גינזבורג און מארעק מיט אן איינלייטונג און אנמערקונגען, מיט מעלאדיען אויס דעם פאלקס מויל. פארצייכענט אין אמעריקא. אויס'ם ניי ארויסגעגעבען פון י. ל. כהן.

7) אידישע פאלקס־מעשיות
געזאמעלט פון י. ל. כהן.

8) לעקסיקאן פון דער אידישער ביהנע.
צוזאמענגעשטעלט פון ס. שווייד.

**L. CAHAN, 44 Graham Avenue, B'klyn, N. Y.**

# פאעזיע

מאנאטליכער זשורנאל
פאר לידער און קריטיק




רעדאגירט פון

ה. גודעלמאן.

ניו יארק, יולי 1919.

פרייז 15 סענט

יעהרליך 1.50 — האלב יעהרליך 80 סענט.

אדרעס:
H. GOODELMAN,
636 East 170th Street, Bronx, N. Y.



אדרעס:
H. GOODELMAN
636 East 170th Street Bronx, N. Y.

# ערעפנונג ערשטען סעפטעמבער

(לייבאר דעי)

נײ אין צײט. נײ אין פלאץ. נײ אין גײסט.




קונסט דירעקטאר
עמנואל רײבער

די קינסטלער
געזעלשאפט

בינה אבראמאוויטש
סילי אדלער
אנא אפעל
יעקב בן עמי
יחיאל גאלדשמיט
לאזאר פריעד
נ. רובין
עמנואל רײבער
יוסף שעהנעלד
העטריעטא שניצער

אונד נאך בעדײטענ־
דע קרעפטען

GENERAL MANAGER
SAMUEL S. GROSSMAN
*Offices 126 Second Ave.*
*Tel. Forsythe 2153*

## MADISON SQUARE GARDEN THEATRE
**27th STREET AND MADISON AVENUE**

אונזערע ביכער זיינען יעצט אפען פאר סעפטעמבער.

## איך און דו

אַ גאַנצע צייט האָב איך אַן אונגעדולדיגער געפרעגט,
וואָס וועט פון וועג דער מאָרגנדיגער טאָג מיר ברענגען ?
אַ גאַנצע צייט האָב איך אַן אונגעדולדיגער געהאָפט
אויפ׳ן מאָרגנדיגן טאָג,
אַז ער וועט ברענגען וואָס.
אַז איך און דו,
וועלען מער נים ווי שונאים צוויי
איינער אינ׳ם צווייטנס לייב,
איינער אינ׳ם צווייטנס בליק,
זיך נורען,
זיך איינגראָבען,
די פאַרלוירענע פרייד און רוה צו זוכען,
און נאָך אַזעלכעם
וואָס עס געפעלט דער קראַנקער שעה
די געקומענע צו אונז אין אונזער שנאה ;
און ווען איך שפיר דעם אָנריהר פון דיין האַנד
געפעלט אַזוי מיין בלוט.
פאַרטראָגען מיר נאָך אונזער אונגעדולד :
עס וועט פון וועג דער מאָרגנדיגער טאָג באַלד קומען,
אַ רגע, צוויי דריי —
עס קען דאָך גאָרנים זיין
אַזוי פיעל צייט צו האָבען גאַנץ אומזיסט געוואַרט.
אָט קומט ער אָן — ברענגט ער וואָס ?
שאַ, אָט קומט ער אָן.

## דאָרט, וואו די רוה

האָב צוגעמאַכט און אויפגעמאַכט די אויגען,
אַ וואָרף געטאָן דעם קאָפּ און אונטער קישען ביידע הענט
פּאַרדוקט,

אַזוי איינמאָל, צוויי מאָל —
עס שלאָפט זיך נים — —
אַ וואָרף געטון די קאָלדרע מיט כעס פון זיך אַראָפּ.

אַ כאַפּ געטון מיט ביידע הענט די זייטען פון׳ם בעט
און אויפגעזעצט זיך דראָהענדיג און בייז. —
פאַרוואָס איז שטיל אין גאַס געוואָרען ?
די גאַס האָט לאַנג שוין איהר געשריי פאַרוויגט
און ביסלעכווייז אליין אויך איינגעשלאָפען ;
נור איך וואָס זאָל איצט טון
מיט דעם געשריי וואָס ליגט אין מיר ?
ווי דרעהט מען זיך ארויס פון איהם,
אז איך א רוהיגער
זאָל קענען אויך די נאַכט דורכשלאָפען ?

ווייזט אויס אז דאָרט וואו דו,
אהין לויפט אויך מיין רוה.
טאָ וואָס־זשע דאַרף איך ליגען נאָך אין בעט ?
די שטילע גאַס שלאָפט נאָך ניט
זי דרימעלט בלויז
מיר דוכט, זי קען ניט שלאָפען פון געשריי וואָס ליגט אין מיר.
איך לאָז זיך געהן צו איהר
מיט מיין געשריי פאַרשטומט אין מיר,
צו זוכען רוה.
די גוטע רוה,
וואַרט ערגיין וואו.

## אויף אַ פעלד

ארום ליגט אַ צושניטענע דאָס אויסגעברייטע פעלד,
צום הימעל קלעפּט דער שטויב פון דער פאַרוויינטער ערד ;
דער טאָג, אַ ליכטיגער, האָט זיך פאַרגעסען, שטעהט און הערט
דעם טומעל, די באַוועגונגען, מיט וואָס ס׳איז איצט נאָך פול די לופט.
א פערד, א וואָגען שלעפּענדיג נאָך זיך, קומט אַן פון טאָל,
און ווייט, פון הינטער איהם און אויך פון טאָל ארויס—אַ מאַן,
אַ גרויסער גרויער הוט,
אַן אָפּגעברענט געזיכט,
און פונקט ווי זיין געזיכט, א פריידיגער זיין שפּאַן ;
ער געהט געבויגען צו דער שוואַרצער ערד באַהאַלטענדיג זיין פנים.



און קלייבט וואָס איבערן פעלד.
און קלייבט און קלייבט. — —

*

דאָס פערדעל, —
אראָפּגעהאנגען האלט זיין קאָפּ,
ניט זיכער שטעלט ער זיינע פיס,

— — — — — — — — — —

און דאָרט, דער מאַן, אין גרויען הוט, געבויגען, קריכענדיג,
געהט נאָך דעם וואָגען, געהט און קלייבט, און קלייבט,
וואַרפט אין וואָגען,
און פון וואָגען הערט זיך אַ קלינגענדיגער, ביינערנער געמורמעל,

ווייט איבערן פעלד זיך טראָגען.

אל. נוריה.

## אַן ערֿאינערונג

ערוואַכט האָסטו פון שלאָף, אונדייטליבע פערלאַנגען
האָסטו געבראַכט פון יענער צוויבערליכער וועלט.
דאָ רוישט דער טאָג, און שאַרף בעטויבענד זיינע קלאַנגען,
זיי רייסען זיך אריין אין נידריגען געצעלט.

נאָר פייערליך בענקסטו איצט נאָך אַנדערע געזאַנגען
און נאָך געשטאַלטען פון דער הייסער זון פאַרשטעלט.
און יענע אנד׳רע זון, זי איז שוין לאַנג פאַרגאַנגען,
איין שטראַל געבליבען איז, ער רופט און ציהט און קוועלט.

דאָך מעכטיג איז דער טאָג, ער קעניגט און באַפעהלט....
אומזיסט פאַרשלאָסען זיך, די פענסטער שווער פאַרהאַנגען,
די אויגען צוגעמאַכט, ד נאַכט זיך פאַרגעשטעלט :

געפאַנגען האָט דער טאָג דיך מיט צוגליהטע צוואַנגען,
און אין דעם פייער וועלקט די רופענדע געשטאַלט
און די נשמה פון דעם ווייטען ליכט באַשטראַלט.

י. קיסין.

## אין אַ זוניגען טאָג

איך ?
וואָס בין איך ? —
א הויפען פון דורכבליצענדע געדאנקען,
וואָס לאָזען זיך פון עמיצענס קאפריזען דיקטירען.
היינטמאָל די זון,
אַ וואַרימע אַפריל־זון,
וואָס האָט מיט איהרע גראַציעזע שטראהלען
מיינע געדאנקען, ווי טויבען אַ יאָג גענעבען.
אפשר זענען דאָס די טויבען
מיט די גאָלד־גרינע קעפּלעך,
מיט די שווארצע שטרייפען אויף די גראָהע פליגלען,
וואָס שפּילען זיך אין דער זון ?

איך ?
וואָס בין איך ?
כ'וויים ניט ווי אזוי כ'האָב זיך אויף דעם הויך
פון אַ גרינעם אָמניבוס געפונען
לעבען אַ יונגע בלאָנדע מיידעל,
וואָס האָט איהר פוס הארט ביי מיינעם געהאלטען
און מיט איהר אָרעם,
וואָס האָט דורך דעם בלאָה־טיולענעם אַרבעל אַ דורכגעבליקט
אָפּטמאָהל מיין האנד געוואָרעמט.
און פאַרוואָס האָבען מיינע געדאנקען זיך ניט געוועבט
אַרום רוהיגען ברייטען האָדסאָן ?
אַרום אָפענעם רויטען קארק פון מאַטראָז,
וואָס האָט אַ מיידעל אַרומגענומען ?
אַרום די ברוינע אויגען פון מיין שכנ'טע,
וואָס האָבען אָלעמאָהל בגנבה אפיר געקוקט
פון אונטער'ן ברייטען הוט אויף מיר.
פאַרוואָס האָב איך אויפ'ן אָלטיטשקען געקוקט ?

איך ?
וואָס בין איך ?
אין אַ זוניגען טאָג.
אויף אַ גרינעם אָמניבוס.



הארט לעבען אַ בלאָנדע מיידעל,
וואָס פרעסט איהר פוס צו מיינעם
און גאָלד־גרינע טויבען,
וואָס וואָרקען אין מיין הארץ,
פאָהרט ער אזוי, דער אָלטיטשקער מיט מיר,
שעה'ן, טעג, יאָהרען, יאָהר־הונדערטע,
מיט דעם אויפגעשטעלטען קאָלנער,
אין וואַרימען זוניגען טאָג,
מיט די איינגעשרומפענע הענד,
און כ'זעה באַשיינפּערליך
דעם סקעלעט אַדורכשפּיגלען,
פון אונטער די גרין־געשוואָלענע אָדערען
און די צוקנייטשטע געלע הויט,
ווי אַנ'אַלט שטיקעל פאַרמעט
און די געלע, ברייטע טויטע נעגעל.
(אָה ! דאָס געל־וואַקסיג געזיכט פון טויטען גוי אין
האָספּיטאַל.
און דער גלח מיט'ן הייליגען סאַקראַמענט !)

ניטאָ דער האָדסאָן !
און די טויבען
האָט אַנ'אַלטע מכשפה ביי מיר
אין הארצען געשאָכטען,
און דער רויטער קאַרק פון מאַטראָז
מיט זיין פרעכען מיידעל געהען מיך ניט אָן.
און ס'איז מיר אַ רחמנות אויפ'ן מיידעל
לעבען מיר, וואָס דריקט זיך צו מיר,
ווען אין מיין פלייש,
האָט דער אָלטיטשקער זיינע געלע, טויטע נעגעל
אריינגעלאָזען.

איך ?
וואָס בין איך ?
אין אַ זוניגען טאָג.
אונטער אַ רוהיגען בלאָהען הימעל,
האָט דעם אָלטיטשקענס שאָטען מיך פאַרפאָלגט.
און מיינע פוס־טריט געהיט.

## נירוואנא

פאַרשטיינערט.
אין זיך אליין פאַרהילט.
די פיילען פון לעבען פליהען פאַרביי מיר,
מיט זיבען וואַלקען־שלייערס איז מיין גוף פאַרהילט.
און שטיל אין די טיפע טיפענישען פון מיין האַרץ
קוועלט א זעליגע זיסקייט פון מיין ניט־זיין.
טויט צום לעבען, פול מיט לעבען אין טויט.
מיט זיידענע, אונזיכטבאַרע פעדים
פאַרקניפּט איז מיין נשמה מיט די איבער־נאַטור.
טרערען פון גליק אויף מיינע פאַרגלעזערטע אויגען. —
נאַט האָט זיך מיט מיין נשמה באַהעפט.

יעקב גלאַטשטיין.

## צי טרעפען דיר ווען...

צי טרעפען דיר ווען :
דו געהסט פון גאַס אין הויז,
און ס'דוכט זיך דיר, די גאַנצע הויז איז פול ;
די לאָמפּען ברענען העל,
די פלעשער אויפ'ן טיש ניט אָנגעהויבען נאָך,
מען וואַרט אויף דיר,
און ביי דער טיר
א פּאַוש נעמט צו דיין הוט און אויבער־ראָק.

דו קומסט אריין,
און קיינער איז נישטאָ ;
מוזטו אליין פאַרווייל‍ען זיך
אַ שעה און נאָך אַ שעה.
נעמסטו אַ בוך און קוקסט אריין,
און ווי באַרוישט פון גוטען ווײַן
נעמסטו זעהען וועלטען וואונדערשעהן,
און אין דער מיט פון אלע וועלטען,
דיין שאָטענדיגע זעהסטו שטעהן.

א. ניסענזאָן.



## ביים ברעג

א

אָנגעשטרענגטע רוה.
וואַלען פון גענועב —
פון מיין האַרץ ביז אין דער ווייסער ווייט.
שטייפע אָדערען.
שווערער שווייגען.
אלץ פאַרגליווערט —
— פאַר אַ שטורם.
שוויינ, מיין פיין.

ריזיגער שטורם.
וואלען פון מיין האַרץ אין לויף.
האַסטיג —
ביז אין דער ווייסער ווייט
אָדערען — נאָך שטייפער.
שווייגען — נאָך שווערער.
אלץ אין האַסטיגען לויף.
פאַרגליווער מיין פיין.

קאַלירלאָזע וואַנד פאַרבלענדט די אויגען.
בליצען.
אַ ראָד פון בליציגע שווערדען
אין האַסטיגען דרעה.
בליציגע שווערדען האַקען אָפּ
וואלען פון מיין האַרץ,
פליהען איבער מיין קאָפּ
און ווערען צעשמעטערט.
נאָך אַ טראָט —
די קאַלירלאָזע וואַנד הינטער מיר.

ב

אַלעס דרעהט זיך אַרום מיר.
לויפט האַסטיג.
פליהען קרייזען ארום מיר.
איך פאַרגעה,
פאַרגעהען קרייזען.

ווערט אלץ בלאסער, בלאסער,
ציטערט בלאסקייט,
ציטערט בלאסקייט בלויז.

ס'רייסט מיין קאפ אראפ,
שליידערט אפ,
קייקלט זיך מיין קאפ אראפ.
נישטא קיין ערד,
נישטא קיין הימעל,
ציטערט בלאסקייט,
ציטערט בלאסקייט בלויז.

ג

פרעמדע, שטאלצע טאפאלען פאר מיין פענסטער
לאזען נים פארגעסען אויף א רגע
אז אין דער פרעמד בין איך.

איך ווייס, איך ווייס,
אז טויזענדער ווי איך
געפאנגען דורך דער שטומער נאכט,
וואכען איצט אין שרעק
אין איטה'דיגען שווייגען.
זייט רוהיג —
ווייסט —
איך האב א הארץ
וואס וואכט פאר אייך,
וואס וואכט פאר זיך,
ווייל אין דער פרעמד זייט איהר,
אין דער פרעמד בין איך.

ד

אן אכזר'דיגער פויסט
שטיקט מיר מיין האלז.
מיין בלוט אין קאפ האט זיך צוטאנצט.
מיט הפקר-טענץ פאראט עס מיך.
און שפאט פון מיר.
מיין בלוט האט מיך פאראטען.
און דארט, אין פינסטער ווינקעל
קייכט מיין שטן.



יעדע נאכט אזוי
אויג אויף אויג מיט זיך.

ה

בלאס-גרינע כוואליעס —
בלאס-גרינע כוואליעס — לעבען מיינס,
מיעד בין איך פון אייך.
זאל אנקומען א ווייסער וואל
און וויעגען אייך און וויעגען,
בארוהיגען,
פארוויגען,
און איינשלונגען ביים בלויען שיין.
קומען וועט א ווייסער וואל.

בלאס-גרינע כוואליעס —
ביים בלויען שיין פארשלונגענע.
בלויער שיין —
איך האב נים אנגעריהרט מיטאזען
ביי די ברענען דיינע,
און זעה —
ווי אונריין זיינען מיינע פינגער
און איך אליין.
פארטרוי נים קיינעם
— בלויער שיין —
מיין בלינדען סוד,
ווייל —
ס'קומט א ווייסער וואל,

ווייסע כוואליעס — לעבען מיינס,
איך הער —
איהר האט א זיד נעטאן
און אויפגעקאכט אביסעל שוים.
באלד וועט איהר פארלאשען זיין,
און שטיל,
שטיל.
איך?
ווייסע כוואליעס —
אלץ וועט זיין פארלאשען
אלץ וועט שלאפען.

נ. מינקאוו.

# שרעק אין דער אידישער פאעזיע

שרעק איז א נעזונטם געפיהל.

א מענש וואס זעהט דאס לעבען, מוז זיך שרעקען.

שרעק, איז דער יראת־הכבוד פאר אלץ וואס רינגעלט אונז ארום און רינגעלט אונז איין... די מיסטיש סימבאלישע מורא פאר דער אייביגער רעטעניש וואס ליגט איבער אונזערע קעפ...

שרעק, איז דער צווייפעל אין אונזער זיכערקייט, און צווייפעל מאכט א מענשען פאעטיש, שעהן, און ערהאבען...

שרעק, איז דער רעספעקט פאר דער אייביגקייט, וועלכע מיר ווילען אלע גרייכען.

שרעק, מיינט זעהן נאט און פארמעסטען זיך מיט דעם אונ־באוינבארען.

אזוי איז מ י י ן טייטש פון שרעק.

מענשען וואס שרעקען זיך ניט, זיינען פלאך, זיינען וואך־לייט. זיינען מענשען וועלכע חלום'ען קיינמאל ניט...

זיינען פאליסלייט וואס דרעהען זייער „העלצעל" אין האנט, און מיינען, אז זיי זיינען זיכער...

שרעק, איז דער הויפט־מאטיוו פון אמת'ער פאעזיע, די שפייז פון אמת'ען דיכטער'ס פאנטאזיע.

פאעטען ד א ר פ ע ן זיך שרעקען.

וואס מעהר אמת'ען שרעק זיי פארמאגען, אלץ זיכערערע רייכ־טהימער שאפען זיי.

איך פארשטעה אונטער לירישער פאעזיע: אויפריכטיגען שרעק, ריינעם זעעלען־ציטער, שטילען רעליגיעזען וויברירען פון דער נשמה.

דער פאעטישער שרעק דארף ניט שרייען, ניט מאכען קיין גוואלדען, ניט דעמאנסטרירען, אפילו ניט באנוצען דאס ווארט „שרעק". ער דארף זיך אבער פיהלען, אז דער דיכטער שרעקט זיך... ציטערט אין זיך...

דער פאעטישער שרעק דארף זיין א טיעפער, אבער ניט קיין פאבריצירטער. א שרעק פאר זיך אליין, אבער ניט קיין מיטעל אנצוואווארפען א שרעק אויף די לעזער.

די עלטערע דיכטער אונזערע האבען זיך ניט געשראקען, זיי האט געפעהלט דער אמת'ער פאעטישער שרעק.

אלס קינדער פון דער אידישער גאס, האבען זיי זיך בלויז גע־שראקען פאר א שגץ, און פאר א הונט...



דאס אלטע אידישע לעבען איז געווען צו קלאר, צו זיכער, צו טרוקען, צו שולחן־ערוך'דיג.

גרייטע געזעצען, פארטיגע שטראפען. א גרייטער שכר פאר מצוות און שטראף פאר עברות. אלץ איז געווען אפען, פאר דעם אויג פון א אידיש קינד: דער גן־עדן, דער גיהנם, און די זיבען הימלען... אפילו גאט, האבען זיי גוט געקענט און געלויבט זיינע מעשים; ער זיצט אויף זיין כסא־הכבוד און טראכט: פון וואנען אי־דען זאלען האבען פרנסה. און איינמאל אין יאהר נעמט ער די התימה און חתמ'עט: וועמען צום לעבען און וועמען צום טויט...

און אונזער ליטעראטור, איז דער שפיגעל פון אונזער אידישען לעבען.

אונזער אלטער פאעזיע, פעהלט יענע שעהנע פארנעבעלטקייט, יענער האלב פארווינענדער טרויער פון אן אסיען־נאכט.

אונזער אלטער פאעזיע פעהלט דער שרעק, דער געהיים־רעלי־גיעזער ציטער, וואס לויפט דורך בין־השמשות איבער א פעלד...

אונזער אלטע פאעזיע, איז געשאפען געווארען פון אפיקורסים, פארלייקנער, משכילים, אטעאיסטען, און דערפאר איז אונזער אלטע פאעזיע פול מיט גראבע טענער, מיט א שניידערישען באקלאגען זיך וואס עס פעהלט ברויט מיט טהיי, מיט ליטווישע איכה'ס.

אונזער אלטער פאעזיע, פעהלט דער שרעק פון חסיד וואס שטעהט פאר זיין רבי'ן...

ערעלשטאט האט זיך געשראקען — אבער בלויז פאר דער קאפיטאליסטישער חיה.

מארים ראזענפעלד שרעקט זיך — אבער בלויז פאר פרנסה. און שרעקט ער זיך פאר'ן טויט, איז דאס בלויז מיט א פיזיש־פער־זענליכען שרעק. און ניט מיט קיין גייסטיג־מענשליכען... לעזענדיג ראזענפעלד'ס לידער וועגען טויט, פיהלט איהר ממש ווי אויף דעם מענשען טרייסעלט זיך דאס לייב — אבער ניט מעהר.

יהואש שרעקט זיך, אבער בלויז מיט א פילאזאפיש־דיקרא־טישען שרעק. ער איז צו קלוג צו שרעקען זיך פאעטיש...

ערשט מיט אברהם רייזען, הויבט זיך אן דער שרעק אין דער אידישען פאעזיע. רייזענ'ס שרעק איז נאך אפילו פון א קליינ־שטעטלדיגען אין א גרויסער שטאט, אבער עס איז שוין דער שרעק...

און ערשט אונזער יונגע פאעזיע האט אין זיך דערפיהלט דעם אמת'ען שרעק... און מיט דעם אליין איז זי שוין העכער ווי די אלטע פאעזיע.

איך זאג בלויז ד ע ר פ י ה ל ט, ווייל פון געשטאלטען דעם

שרעק און בילדער אויסרעדען איהם ווי עס בארארף צו זיין. איז זי נאך ווייט.

דער שרעק פון אונזער נייער פאעזיע איז נאך נים געלייטערט נענוג, נים ראפינירט גענוג, און אריסטאקראטיזירט גענוג...

אונזערע יונגע דיכטער שרעקען זיך ווי זויג־קינדער, וואס כאפען זיך אויף אין מיטען נאכט. עפעס האט זיך זיי גע'חלום'ט... אבער וואס, ווייסען זיי נים... זיי ווייסען נאך נים דעם אמת'ן טייטש פון שרעק, אבער זיי שרעקען זיך....

מאני לייב שרעקט זיך ווי אן עוסה'לע. און אמאהל שרעקט ער זיך גאר נים... נור ער קוקט סתם דורכ'ן פענסטער, אפשר וועט ער זיך קענען דערשרעקען...

איינהארן'ס שרעק איז בלויז, אז זיין חזן זאל נים פארלירען די שטימע.

יוסף ראלניק איז אן איבערגעשראקענער, וואס איהם ארט שוין נים אפילו דער שרעק... ער איז אויף „גאט'ס בעראטה"...

ם. ל. האלפערין שרעקט מעהר אנדערע ווי זיך.
לייוויק שרעקט זיך צופיעל ווי אן ארעסטאנט.
לאפין שרעקט זיך, צו נעשעפטסמעסיג.
זישא לאנדוי שרעקט זיך אנהויבען צו שרעקען.
רילאן ווארפט אויף זיך מעהרסטענס ארויף א שרעק.
יואל סלאנים איז אזוי הרהא'דיג, אז ער שרעקט אוש איבער דעם שרעק.

פון די יונגערע, ווי גראפשטיין, ניסענזאן, ביאלאסטאצקי און אנדערע, וועלכע שרעקען זיך נור לויט גרייטע „מאדעלען", איז אל. גוריה דער בעסטער: זיין שרעק איז פון א העכערען סארט.

דער שרעק פון אונזער יונגער פאעזיע איז אפט א טעארעטישער פון ביכער אן ארויסגעלעזענער.

עס איז ווענינ צו דערמאהנען „עמיצער" און „עמיץ", אז מען זאל באמת דערפיהלען א שרעק — מ ע ן ד א ר ף ד ע ם ע מ י ־ צ ע ן ה א ב ע ן א י ן ז י ך...

אונזער יונגע פאעזיע כאטש זי איז שוין גאנץ ווייט אוועק פון קאזיאנעם „וועלט־שמערץ"־געזאנג" איז דאך אבער נאך נים נעקומען צום סאלאגובישען אמת'ן שרעה. אום צו פיהלען באמת דעם פאעטישען שרעק מוז מען זיין רעליגיעז. און אונזערע יונגע דיכטער זיינען עס נים...

אונזער נייע פאעזיע איז א נעוואנטע, א כוואטסקע, זי שטעלט אויס אזוי קונציג, שורות, ווי סאלדאטען, אבער עס פעהלט איהר רינקיים און אויפריכטיגקיים. עס פעהלט איהר דער שרעק, וועלכער



קלינגט אפ ווי א ציטערדיגער טראט פון אן עלענדען איבער זיין צימער... עס פעהלט איהר דער שרעק פון אורח וואס קלאפט אן אין פענסטער ביי נאכט און בעט א נעלעגער...

דורכ'ן פנים פון שרעק קען מען זעהן די גאנצע אידישע פאזיע. איהר פלאכקייט און איהר פארטיפקייט. איהר אלטקייט און איהר נייקייט.

ד ע ר ־ ל ע ב ע ד י ג ע ר.

## נעלע עלעקטרישע פייערען

א

נעלע עלעקטרישע פייערען,
רופענדע פרייד פון דער נאכט,
זיי רופען מיך מיעד פון דער טאגיקייט
צו זוכען די מיעדקייט פון נאכט.

טוקען זיך גאסען געצונדענע,
אין געלען און גרין־רויטען ליכט;
עס געהען די מענשען, וואו געהען זיי
פאר'כשופ'ט פון גרין־רויטען ליכט?

און איך צווישען זיי אזא דינינקע
מיט לייכטע און בענקענדע טרים,
מיט מיין אומרוה וואס ברענט פון מיין בליק,
וואס ברענט אין דער נאכט און פארגליהט.

ב

איך בין יונג, מיט צארטע ווארטענדיגע גלידער,
וואס רייסען זיך און גליהען אין דער נאכט;
דו ביסט קלוג און מיעד און ווייסט פון אלע סודות,
וואס דאס פולע לעבען האט אין דיין שוים געבראכט.

איך איך בענק נאך רייד פון ליעבע נים דערחלום'ט,
וואס א איינגעל רעדט צום ערשטען מאל;
דו, דו שמייכעלסט קלוג און ווייסט דעם ווערט פון אלע ווערטער,
וואס דו האסט אויף דיין וועג צוזייט אמאל.

ר א ש ע ל ו ו ע פ ר י נ ס ק י.

שרעק און בילדער אויסרערען איהם ווי עס באדארף צו זיין, איז זי נאך ווייט.

דער שרעק פון אונזער נייער פאעזיע איז נאך ניט געלייטערט נענוג, ניט ראפינירט נענוג, און אריסטאקראטיזירט נענוג...

אונזערע יונגע דיכטער שרעקען זיך ווי זוינ־קינדער, וואס כאפען זיך אויף אין מיטען נאכט, עפעס האט זיך זיי נע'חלום'ט... אבער וואס, ווייסען זיי ניט... זיי ווייסען נאך ניט דעם אמת'ן טייטש פון שרעק, אבער זיי שרעקען זיך....

מאני לייב שרעקט זיך ווי אן עופה'לע. און אמאהל שרעקט ער זיך גאר ניט... נור ער קוקט סתם דורכ'ן פענסטער, אפשר וועט ער זיך קענען דערשרעקען...

איינהארן'ס שרעק איז בלויז, אז זיין חזן זאל ניט פארלירען די שטימע.

יוסף ראלניק איז אן איבערגעשראקענער, וואס איהם ארט שוין ניט אפילו דער שרעק... ער איז אויף „גאט'ס בעראטה"...

מ. ל. האלפערין שרעקט מעהר אנדערע ווי זיך.

לייוויק שרעקט זיך צופיעל ווי אן ארעסטאנט.

לאפין שרעקט זיך, צו נעשעפטסמעסיג.

זישא לאנדוי שרעקט זיך אנהויבען צו שרעקען.

דילאן ווארפט אויף זיך מעהרסטענס ארויף א שרעק.

יואל סלאנים איז אזוי הר־הא'דיג, אז ער שרעקט אויש אי־בער דעם שרעק.

פון די יונגערע, ווי גראפשטיין, ניסענזאן, ביאלאסטאצקי און אנדערע, וועלכע שרעקען זיך נור לויט גרייטען „מאדעלען", איז אל. גוריה דער בעסטער : זיין שרעק איז פון א העכערען סארט.

דער שרעק פון אונזער יונגער פאעזיע איז אפט א טעארעטי־שער, פון ביכער אן ארויסגעלעזענער.

עס איז ווייניג צו דערמאהנען „עמיצער" און „עמיץ", אז מען זאל באמת דערפיהלען א שרעק — מען דארף דעם עמי־צען האבען אין זיך...

אונזער יונגע פאעזיע כאטש זי איז שוין גאנץ ווייט אוועק פון קאזיאנעם „וועלט־שמערץ"געזאנג" איז דאך אבער נאך ניט גע־קומען צום סאלאנובישען אמת'ן שרעה. אום צו פיהלען באמת דעם פאעטישען שרעק מוז מען זיין רעליגיעז. און אונזערע יונגע דיכטער זיינען עס ניט...

אונזער נייע פאעזיע איז א נעוואנטע, א כוואטסקע, זי שטעלט אוים אזוי קונציג, שורות, ווי סאלראטען, אבער עס פעהלט איהר רינקייט און אויפריכטיגקייט. עס פעהלט איהר דער שרעק, וועלכער



קלינגט אפ ווי א ציטערדינער טראט פון אן עלענדען איבער זיין צימער... עס פעהלט איהר דער שרעק פון אורח וואס קלאפט אן אין פענסטער ביי נאכט און בעט א נעלעגער...

דורכ'ן פנים פון שרעק קען מען זעהן די גאנצע אידישע פא־זיע. איהר פלאכקייט און איהר פארטיפקייט. איהר אלטקייט און איהר נייקייט.

דער לעבעדיגער.

## געלע עלעקטרישע פייערן

א

געלע עלעקטרישע פייערן,
רופענדע פרייד פון דער נאכט,
זיי רופען מיך מיעד פון דער טאגיקייט
צו זוכען די מיעדקייט פון נאכט.

טוקען זיך גאסען געצונדענע,
אין געלען און גרין־רויטען ליכט ;
עס געהען די מענשען, וואו געהען זיי
פאר'כשופ'ט פון גרין־רויטען ליכט ?

און איך צווישען זיי אזא דינינקע
מיט לייכטע און בענקענדע טריט,
מיט מיין אומרוה וואס ברענט פון מיין בליק,
וואס ברענט אין דער נאכט און פארגליהט.

ב

איך בין יונג, מיט צארטע ווארטענדיגע גלידער,
וואס רייסען זיך און גליהען אין דער נאכט ;
דו ביסט קלוג און מיעד און ווייסט פון אלע סודות,
וואס דאס פולע לעבען האט אין דיין שוים געבראכט.

איך איך בענק נאך רייד פון ליעבע ניט דערחלום'ט,
וואס א אינגעל רעדט צום ערשטען מאל ;
דו, דו שמייכעלסט קלוג און ווייסט דעם ווערט פון אלע ווערטער,
וואס דו האסט אויף דיין וועג צוזייט אמאל.

ראשעל וועפרינסקי.

## די סטאַטוע

א מוטער מיט א ווייכען בליק
האָב איך געקענט,
פאַר איהר איינאיינציג קינד האָט גליק
אין איהם געברענט.

אין אלע קנייטשען פון געשטאַלט,
אין שטילען גאַנג, —
האָט ליעב איהר קינד ארויסגעשטראהלט
ווי אַ געזאַנג.

נור ס'האָט אַנ'אונבאוואוסטע קראַפט
דאָס קינד געצעהרט,
ווי ס'דאַרט אַ זאַמדיג בלום אָהן זאַפט
אין פרעמדער ערד.

ביז טליהענדיג האָט שנעל פארטליהט
דער מוטער'ס פרייד,
אָהן א מצבה — פריש־פארשיט
אַ בערגעל שטעהט.

און אויף דעם בערגעל — טאָג און נאכט
די מוטער ליגט,
אַ לעסטערנד געלעכטער לאַכט,
די קליידער פליקט.

האָט אלע ווערטער אויסגערעדט,
און אויסגעוויינט — —
זי נעהמט ארויף דעם קינד און גלעט,
אזוי — פאַרשטיינט ! — — —

און ווער עס פאָהרט דעם וועג פארביי
ווינט מיט דעם קאָפּ :
מען טאָר ניט זיין צופיעל געטריי,
דאָס פיהרט אראָפּ ! —

טוריסטען זאמלען זיך פון וויים,
און בלייבען שטעהן :
אַ סטאַטוע פון אלטער צייט —
ווי וואונדער שעהן !



## די האָפנונג

— „וואו שפעט א וואנדערער ביי נאכט
זיין רוה געפינט,
יענס הויז פון גאָט איז אָבגעוואכט
און ריין פון זינד". —
אין בוך אין הייליגען האָב איך
ס'געזעהן אמאָל ;
און כ'האָב געווארט — באזוכען מיך
א וואנד'רער זאָל.
פארווארפען שטעהט מיין שטיבעל־קליין
אין וואלד געדיכט ;
צום וואנדערער קען ניט דערגעהן
דאָס בלייכע ליכט.
דאָך איינמאָל האָב איך זיך גאנץ שפעט
ראָש אויפגעכאפּט,
ס'האָט ווער אין שויב ווי מיט געבעט
שטיל אָנגעקלאפּט.
דעם גוטען גאסט באַגעגנען שנעל
לויף איך ארויס, —
ווי תמיד דאָך פארווייכט דער שוועל
איז פון מיין הויז !
דאָך הערט דאָס קלאפּען אלץ ניט אויף,
ווער קען עס זיין ?
א פויגעל־רויש, אַ פויגעל־לויף, —
בעט זיך אריין.
דער פויגעל האָט פארבלאָנדזשעט וואו.
דעם נעסט פארווענדט ;
פאר'שכור'ט פאלט צום פענסטער צו
פון ליכט פארבלענדט.
אָ, פויגעל, כ'שרעק זיך גלייך ווי דו
פאר פרעמדען ליכט,
און ס'פאלט די נאכט אין וועג מיר צו
אויך אונגעריכט. —
און כ'האָב איהם באלד אריינגעבראכט
ביי מיר אין הויז. — — —
און ס'האָט אַ האָפנונג אויפגעוואכט
אין הארצען גרויס !

ב. לאפין.

## שטאַרט שרעק

אין אומגעצעהלטע שטיבער, טרויעריגע, טונקעלע, קוים
באלויכטענע,
שטילע, ווייכע, ווייסע בעטען,
ווייסע מענשען — מידע און ווי די וואַל־שאָף נאָך דעם שערען,
קראַפּט אַרומגעשוירען —

מערדער, מאַך אַ גרויסען ווייטען בויגען
אַרום אַלע מידע נאַסען.
מערדער, ווארף אוועק די שארפע האק !
קעפּ דערציטערן אין שלאָף אויף ווייסע־קישענס —
דערמאַנענדיג אַ קאַליוזשע פון בלוט.

## שטאַרט גייסט

איבער דעם גייסט געוועלטיגט די נאכט,
רויט ברענען זיינע אויגען באַנאַכט —
און אָפּגעהאַקט רופט ער באַנאַכט ווען ער וואַכט :
או—או—או און דאָס ווידער־קול לאַכט.

איבער דעם גייסט געוועלטיגט דער טאָג,
דורך זיינע אָדערנס האַסטיגען שלאָג,
שלאָגט מענשען באַפרייאונג און לעבענס באַנייאונג,
און אַ ווידער קול ענטפערט — או—או—או—
בלוט מאָרד קלאָג. —

## שטאַרט נויט

כ'האָב ליב די נויט די בלאַסע פנים'ער און די שווארצע הענד,
כ'האָב ליב דאָס פאָלק, וואָס וואַנדערט דורך די שווארצע
שטעדט,
וואָס איז פון גאָט אוועקגעריסען און קען נישט דאָס געבעט,
דאָס פאָלק וואָס העלוּעהט, איינגענמאכטיג, איינזאם,
אומדערקענט.
כ'האָב ליעב די נויט די נאַסע וואוינונגען און די קעלער טרעפּ,
די בענקשאַפט, וועלכע שלאָגט מיט שלאפע פליגלען אָן די
שווארצע ווענד
די אויגען וועלכע זוכען אייביג אין די ביכער אומענדליכע
בענד,
דעם גייסט, וואָס פלאַמט פון בליק ארויס פון הוילע שארבענס
קעפּ.

ווילנע.  מ ל ך  ר א ו ו י ט ש.



## אין בין אַ מזרח בלום

א

איך בין אַ מזרח בלום, זינט איך האָב דיך דערקענט,
אַ בלום פון ווייטען מזרח,
איך ווער ווי זי פאַר'סם'ט, פארברענט,
פון זון און ליידענשאַפט.

דו שטעכסט מיך דורך מיט פייערדיגע שטראַלען,
איך עפען זיך פארנאַנדער,
און מיינע ווייסע בליטען פאַלען —
איך בין א מזרח בלום.

ווי פליישיג ווילדע, טונקעל רויטע צינגער
זיינען מיינע בליטען,
ווי אין בלוט געטונקטע־פינגער
זיינען מיינע בליטען.

ווי אין תאוה אויסגעקרימטע ליפען,
ווי א געזינדעל שלאַנגען,
וואָס גיפטיגען און שיפען,
זיינען מיינע צווייגען.

געווירצטע ריחות האָבען מיינע גלידער,
וואָס צינדען אָן דאָס בלוט ;
וואָס לאַנגזאַם ציהען אויס די כחות
וואָס זויגען אויס דאָס בלוט.

איך ווער אַליין באַצויבערט און פארבלענדט
פון מיינע גלידער ריחות
איך ווער פון ליידענשאַפט פארברענט
און בלייב אָן כחות...

איך בין אַ מזרח בלום, זינט איך האָב דיך דערקענט
א בלום פון ווייטען מזרח...

ב

מיט וואס פאר א שווערען געמיט
דו הערסט זיך צו צו א געווינערין'ס געשרייען.
זיי בעטען זיך און רייסען דורך די נאכט
און מאטערען מיין הארץ און בריהען.

און גרויזאם וואקסט די ווילדקייט פון געשריי,
און לאנגוויילינגער ציהען זיך די שטונדען.
א וויפיעל ליידען ברענגט מיט זיך דאס קינד,
ווען ס'ווערט דער מוטער'ס לייב ענטבונדען!

ג

דו ביסט א שפין, איך בין א פליג,
ס'איז קונציג אויסגעוועבט דיין שפינען־נעץ
און ס'איז ניטא פון איהם קיין וועג צוריק.
עס רייצען מיך די פערעלמוטער פארבען
וואס שפילען אויף דיין נעץ פון זון.
איך טוה א פליה — און גרייט בין איך צו שטארבען.

צ י ל י ע  ד ר א פ ק י ן.

## דער געזאנג פון דער וועלט

מיידעל, איך באזינג די פרייד פון דיין יוגענד,
וואס קוועלט ווי דאס אייביגע זיין פון דער וועלט,
און פאלט ווי די ליכטיגע שיין פון דער וועלט,
און שאלט צום יונגען טאג פון דער וועלט: —
היינט פאנגט זיך אן די שפיל פון דער וועלט!
דער אייביגער שפיל פון דער אייביגער וועלט,
וואס איז שוין אין אנהויב אזוי אלט ווי די וועלט,
אבער ווער איז דען נעכטען געווען אויף דער וועלט?
איז דאך קיינער געוועזען פאר מיר אויף דער וועלט!
איז דאך גארניט געוועזען פאר מיר אויף דער וועלט!
מיר זיינען איין טאג אלט איך און די וועלט!
יונג ווי די וועלט, אייביג ווי די וועלט,
און ליכטיג אזוי ווי דער געזאנג פון דער וועלט!

ה ע ר מ א ן  נ א ל ד.



# לאדושקא

א

העי, לאדושקא, העי, דו ציגיינעריש ווייב,
ווער רויבט מיר דעם טריפה'נעם רייץ צו דיין לייב?
ווער איז דאס וואס האלט ווי מיט קייטען מיך צו?
צי אויך אזא בלוט אזוי הינטיש ווי די?
העי לאדושקא?

— א נארישע ליאלקע פון זיבעצעהן יאהר,
א כתולה א פרומע מיט פלאקסענע האר.
זי ווייזט דיר איהר ליעבע ווי צוקער א שטיק
און פיהרט דיך אזוי ווי א בער אויפ'ן שטריק
און היידא און היידא און דזין און דזין־דזין,
צום טאקט פונ'ם פייקעל אהער און אהין,
צום טאקט פונ'ם פייקעל אהין און אהער.
הא־הא! משה לייב איז געווארען א בער,
האהאהא!

העי לאדושקא, טייערס, די צונג ביים דיר אפ
און ווארף זיך פון זיבצעהנטען גארען אראפ
און ווער מיר גע'הרג'עט, דו הינטישע פעל, —
דו ליגסט דאך אזוי ווי א שמאטע ביים שוועל
אונטער יעדען סאלדאט —
א פייער אויף דיר!

ב

זאל לאדושקא לאכען, צעזעצט זאל זי ווערען, —
עס מעג דאך א ביל טון א הונט אויף א שטערען,
עס מעג דאך אמאל פון א קוימען דער רויך
ניט ליידען די זון איבער זיך אין דער הויך.

זאל לאדושקא לאכען, ניט שרעק זיך, מיין קינד, —
מיין ליעבע פאר דיר און א שטעקען פאר הינט.

פאר לאדושקא'ן — ווער וועט די קניה זיינע בויגען?
א יונג מיט קארטאפליעס אין פנים שטאט אויגען,
א הולטיי אנ'אלטער, וואס מוז שוין די קניע
מיט אלקאהאל רייבען ביי נאכט, אין דער פריה.

זאל לאדושקא לאכען, נים שרעק זיך מיין קינד, —
מיין ליעבע פאר דיר און א שטעקען פארי־הינט.

איהר מויל איז א זומפ און די רייד זענען זשאבעס,
פארשימעלט די ליפען, ווי אלטע צוויי שקראבעס,
צוויי שקראבעס וואס וואלגערן זיך אויפ'ן מיסט,
פאר לומפען אנ'אוצר, וואס גיט זיך אומזיסט.

זאל לאדושקא לאכען, נים שרעק זיך מיין קינד, —
מיין ליעבע פאר דיר און א שטעקען פאר הינט.

דעם בעטלער — א טרונק מיט א ווארימען ביסען,
א שטריק פאר דעם נאר מיט'ן בייזען געוויסען,
פאר העלדישע שונאים א פויסט מיט א שפיז,
פאר ווייבער, פאר פאלשע, א קיים אויף די פיס.

זאל לאדושקא לאכען, נים שרעק זיך מיין קינד, —
מיין ליעבע פאר דיר און א שטעקען פאר הינט.

ג

א קמצן האט געצעהלט זיין געלד,
האסטו געבעטען גאט פאר מיר, —
האט ווי א וועכטער פאר דער טיר
מיין שאטען זיך אוועקגעשטעלט.
מיין שאטען אין לבנה־שיין —
געבענשט זאלסטו מיר זיין!

געוואלט האב איך אריין אין שענק,
האסטו געבעטען גאט פאר מיר, —
האב איך א טראכט געטאן פון דיר.
איצט בלאנדזשע איך ארום און בענק,
פאראיינזאמט אין לבנה־שיין —
געבענשט זאלסטו מיר זיין!

ד

דו שלאפסט אין א הויז מיט די פענסטער צום ים,
בי לאדושקא'ן שלאפט אליידאק.

און איך בין אליין ווי א תלין, וואס שארפט
זיין שטומפיג־געווארענע האק.
די האק וועט א בליין טון פארטאג אין דער הויך, —
וועט פאלען א בלוטיגער קאפ,



און ציטערדיג וועלען מאנאשקע און פריסט
זיך בויגען נאך טיפער אראפ.

דער פריסט איז שוין אלט, די מאנאשקע איז יונג,
און לאנג איז און דונקעל איהר קלייד,
און לאנגזאם, אזוי ווי געקומען, וועט זי
אוועקגעהן געבויגענערהייט.

און פאלען די האק וועט ביים תלין פון האנט,
אזוי ווי דער קאפ, צו דער ערד,
און בלוטען, אזוי ווי דער קאפ, וועט זיין הארץ
און קלאגען פון קיינעם געהערט.

ה

איהר בוזים־פארוואס פוצט זיך לאדושקא אוים
און דוקא מיט בלומען ווי קירביסען גרוים?

— ווייל ניפטיג, ווי קראפיווע, ברענט אין איהר ברוסט
דאס פייער פון אייביג־נים־זעטיגער לוסט
און דארט, וואו עס דארף זיין דאס הארץ, אויף דעם ארט
פארדעקט זי א שלאנג וואס זי האדעוועט דארט.

וואס ציהט אזוי לאדושקא צו מיט איהר הוט,
אז רוים איז ער, ווי א געפארבטער מיט בלוט?

— דער אקס דער צעווילדעטער זעהט ניט דעם טוים,
וואס לויערט פון הינטער דעם טוך וואס איז רוים;
ער זעהט ניט דאס מעסער וואס בליצט אין דער האנט
פון הינטער דעם טוך, וואס מען שווינגט נאכאנאנד.

ו

גער וועש וואשען, מיידעל, גער ניאנטשען א קינד,
פארדינג זיך צו פיהרען א מענש וואס איז בלינד,
פארדינג זיך פאר וואסער מיט טרוקענעם ברוים,
תכריכים גער נעהען פאר דעם וואס איז טוים,
זיי ארעם, זיי עלענד אזוי ווי א שטיין, —
נאר היט זיך און גאט זאל דיך היטען
אויף לאדושקא'ס וועגען צו גערן.

און מוז מען צונויפמאכען דיר דעם נדן,
און גיט מען דערפאר דיר א קאליקע מאן,
האב חתונה, מיידעל, בויג וויליג דיין קאפ,
און שנייד מען די האהר דיינע שערנע דיר אפ

ביז בלוט ביים די ליפען און וויין, מיידעל, וויין, —
נאר היט זיך און גאט זאל דיך היטען ,
אויף לאדושקא'ס וועגען צו געהן.

און האסטו חלילה ביי גאט ניט קיין ווערט,
און האט ער קיין זווג פאר דיר ניט באשערט, —
איז בעסער — פארשעלט דיינע יאהר, דיינע טעג,
און שלעפ זיך א בעטלערקע איבערן וועג,
און בלייב ביז אין צאפ ביז אין גרויען אליין, —
נאך היט זיך און גאט זאל דיך היטען
אויף לאדושקא'ס וועגען צו געהן.

מ. ל. האלפערן.

## אויף וועגען

איך ווייס :
ביידע געהען מיר איצט אויף באזונדערע וועגען.
אויף דיין וועג ווי אויף מיין
אינם גאלדיגען שיין,
פאלען בלעטער אראפ,
פאלען בלעטער געדיכט
אויף דיין גאלד ברוינעם קאפ,
בלעטער ברוין ווי דאס ליכט,
פון די הערבסטיגע טעג,
פאלען בלעטער ווי טעג
אויף דיין וועג.

אויף באזונדערע וועגען ;
נאר איך הער — ס'קומט אהער
דאס .געוויין,
פונ'ם הערבסטיגען בלאט אין פארגעהן,
האסט אין הערבסטיגען שניט
דיינע טריט ניט געהיט...
וויינען בלעטער ווי טעג,
ווי די גאלדיגע טעג.
אינ'ם הערבסטיגען שיין
אויף דיין וועג ווי אויף מיין.



## מיין הארץ.

האסט מיט דיין בליק מיין הארץ אין צוויי צושפאלטען,
פארשייטע דו, —
ווי שטענדיג האט דיר אפגעגאלטען
דורך מיין צושפאלטען הארץ געפינען זיך א שטעג
און רוהיג ווייטער געהן דיין מדבר-וועג.

דיין בליק האט מיר מיין הארץ אין צוויי צושפאלטען
פארלארענער, —
איך בין אויף אייביג שוין פארשאלטען
אין אייג'נעם הארץ זיך טרייקען אלע מיינע טעג
און, ווי א שיף אין תהום, ניט זעהן קיין ברעג...

## אין היפאדראם

ווי א קאץ,
אזוי פלינק, אזוי גרינג,
פון א שטריק צו א שטריק,
אט גאר הויך אט צוריק ;
אויפ'ן ארם א טאץ,
אט א שפרונג — אט א קלונג ;
ווי א שפין,
וועבט אהער, וועבט אהין,
אין דער טיף, אין דער ברייט,
אין א ראד זיך פארדרעהט,
זיך צולאזט ווי א שלאנג
אין געשוואונג און געקלאנג,
גיט זיך פלוצלונג א ריס
הענגט און שווינגט מיט די פיס,
אין דער ברייט אין דער לענג,
מיטאמאל : בינג און בענג !
— האפ !
קאפ-אראפ, קאפ-אראפ,
— ט-ד-יי-ט !

שטעהט אנ'עלעפאנט גרייט,
ווי א פעלז-טויער שטארק,
זיצט ער שטאלץ אויף זיין קארק,
מיט'ן טאץ איהם א שטורך,
און מיט וואונק און געקלונג
דורך טויער א דורך.

ב. י. ביאלאסטאצקי.

# ליעדער

א.

פיעלע שעה אין טאג,
פיעלע טעג אין וואך
געה איך נאך זיי נאך
מיט פארדראס,
ווי עס געהט,
צוגעבונדען אויף א קייט,
א הונט נאך זיין נייעם באלאבאס.
יעדער שארך פון זייער קלייד,
יעדער ריהר פון זייער גליד,
שאפט מיר וועהטאג,
שאפט מיר פרייד,
מאכט מיך רוישיג
מאכט מיך מיעד,
און אין הארצען טיעף ביי זיך
זינג איך שטיל צו זיי א ליעד.

ב.

כ'ליעב אייך, כ'ליעב אייך !
„פראסטע ווערטער צוויי,
א געמאכטער ליעבעס-וועה,"
ווייס איך, ווען איהר זאגען,
ווייס איך, וועט איהר טראכטען,
און נקמה'דיג דאן שמייכלען.
איך וועל אבער שטיל דעם וועהטאג
אין מיין הארצען טראגען,
ווי א שאטען בלאנדזשען
אין די ווייסע פראסטיגע פארנאכטען,
פון אלעמען פארפרעמד,
פון אלעמען פארשעמט,
שפירען דעם געמאכטען ליבעס-וועה,
מורמלען שטיל די פראסטע ווערטער צוויי :
כ'ליעב אייך, כ'ליעב אייך !



ג.

כ'האב ליעב רויטען שפילעוודיגען וויין !
וויל איך רויטען שפילעוודיגען וויין,
הויב איך אן די ליפען זיי'רע זויגען ;
וויל איך באדען זיך אין פריהלינגס שיין,
קוק איך טיעף אריין אין זיי'רע אויגען.
הויב איך אן צו ווערען שיכור
פון דעם רויטען שפילעוודיגען וויין,
פון דעם פריהלינג יום-טוב'דיגען שיין,
ווערט מיין פרייד דאן העלער, שענער,
און מיין אומגליק קלענער, קלענער ;
הויב איך אן צו ווערען ניכטער,
טאנצט די זינד אויף זייערע געזיכטער.
ס'וויל זיך דאן פון זיי באפרייען
און מיין איינען פנים זיך פארשפייען.

ד.

טוט מיט מיר שוין וואס איהר ווילט,
כ'מוז צו אייך געהערען ;
מעגט איהר גוטס טאן אדער שלעכטס,
איך וועל אייך ניט שטערען.
כ'וועל ווי אימער אייך, נור אייך
האבען בלויז אין זינען,
ווי עס דינט א שקלאף זיין האר,
וועל איך אייך אויך דינען.

ה. גורעלמא,



# א. לעיעלעס

אַלץ אין דער וועלט גיט זיך מיר אַזוי לייכט, און אַלץ איז מיר אַזוי קלאָר און פאַרשטענדליך, אויסער פילייכט צוויי, דאַכט זיך, אונבאַדייטענדע זאַכען:

איין זאַך איז, וואָס איך קען קיינמאָל ניט זיין זיכער מיט דעם טאָג און יאָהר אין וועלכען איך וועל זיך פון דער שעהנער און לעבעדיגער וועלט אויף אייביג שיידען. און די צווייטע זאַך איז, וואָס איך קען נאָך ביז'ן היינטיגען טאָג אַליין, פאַר זיך, ניט באַשטימען, וואָס איז אַזוינס פאָעזיע...

אַז פאָעזיע איז זעהר אַ שעהנע און ערהאַבענע זאַך, שטוים איך זיך אָן פון דעם פאַקט אַליין, וואָס זי איז אין גאַנצען מאָנאָפאָליזירט געוואָרען פון די דיכטער. — און עס וועט דאָך קיינעם ניט איינפאַלען אויף אַ רגע צו צווייפלען, אַז אונזערע דיכטער זיינען ניט קיין עהרענהאַפטע און קונסט־ליעבענדע בירגער ?!...

איך, אַ מענש מיט ביזנערליכע נייגונגען און געזונדער פיליסטער־מאָראַל, בין נאָך ביז היינטיגען טאָג באַרייט זיך אונטערוואַרפען יעדע גרויזאַמע שטראָף, אבי אימעצער פון אונזערע קולטורעלע דיכטער, זאָל מיר ערקלערען אַמווייניגסטענס די אויבערפלעכליכע קונסט פון פאַרשטעהן, וואָס עס מיינט פאָעזיע. איך וועל יענעם דיכטער דעם גאַנצען לעבען בלייבען שולדיג אַ גרויסען חוב, און אַמענדע, וועל איך אַנווענדען אַלע מיינע מעגליכקייטען, אַז דעם דיכטער'ס נאָמען זאָל פאַרשריבען ווערען אין דעם גאָלדענעם בוך פון דער אונשטערבליכקייט.

מיר דאַכט זיך אָבער, אַז אין אַלגעמיין, האָבען די דיכטער שוין אַביסעל צו פיעל געלייגט געוויכט אויף דער באַדייטונג פון דעם וואָרט „פאָעזיע". און אין איין גאַנג האָבען זיי שוין צופיעל געזונגען וועגען אַלערליי איידעלע און פיינע געפיהלען, בלומען, שטערען און הימלען. זיי האָבען, דאַכט זיך מיר, מיט איבערגעטריבענעם פאַטהאָס אין הויך ראָמאַנטישען סטיל, ענטבלויזט פאַר אונז זייערע נשמות און געפיהלען. זיי האָבען אונז, שוין אַביסעל צופיעל ענטפלעקט דעם גאַנצען סוד פון זייער אינטימען לעבען. און אונז אין דער זעלבער צייט אריינגעצויגען אין דעם פאַרפלאָנטערטען נעץ פון זייערע ליעבעס־געוועבערייען... אָבער דאָס איז נאָך אַלעמען אַ ריין פערזענליכע זאַך: — אַזוי ווילען זיי, און אַזוי טהון זיי, ווייל דאָס וואָרט פון פאָעט איז אַ געזעץ...

אָבער דאָך, וואָס איז אַזוינס פאָעזיע ?...



עס איז גאַנץ מעגליך, אַז פאָעזיע איז אַזאַ אַנשטעל פון דער נשמה צו פאַרדעקען מיט די געשליפענסטע פראַזען איהר ניט זיין, איהר גיט ממשות'דיגקייט — ווער ווייס ?

אַט די אַלע שווערע, אונערטרעגליכע געדאַנקען וועגען פאָעזיע, זיינען מיר באַפאַלען נאָכדעם ווי איך האָב איבערגעלייענט א. לעיעלעס (אַ גלאַנץ) ביכעל מיט ליעדער.

ווייל אין לייעלע'ס בוך ליעדער פעהלט דער פרומער, נאַאיווער טאָן, וועלכער האָט מיט יאָהרען און יאָהרען צוריק באַשיינט די פאָעזיע פון דער וועלט, און איהר געמאַכט, גאַנץ אָפט, ווייך און סענטימענטאַל.

די מאָטיווען פון א. לעיעלעס ליעדער זיינען מיר נאָהנט און איך פאַרשטעה זיי, און דעריבער זיינען זיי מיר געפעלען, וואָס דאָס וועט גאַנץ וואַהרשיינליך אויך ניט דיענען פאַר אַ באַווייז, אַז מנחם און א׳גין זאָלען מיט מיר זיין איינפאַרשטאַנען, אָדער ענטין און שטיינבערג זאָלען מיין געשמאַק אויף ליעדער געפינען מאַסגעבענד פאַר דעם אידישען ראַדיקאַל־נאַציאָנאַל־געזאָנענעם פובליקום.

דעם אמת געזאָגט, האָט מיר דער נאָמען פון ביכעל אַביסעל אַבגעשראָקען. „פרעטענזיע". — האָב איך אין דער שטיל געטראַכט. — נור ווי עס האָט זיך ווייטער אויסגעלאָזען, איז עס מעהר ניט געבליבען ווי אַ נאָמען, און דער דיכטער מיט אַ קלאָרען קאָפּ — שוין אַביסעל צופיעל קלאָר — איז מיט זיכערקייט אַרומגעגאַנגען אין לעבען און צווישען זיינע ליעדער, און האָט זיך, דאַנקען גאָט, ניט פאַרבלאָנדזשעט אין דעם „לאַבירינט". ווייל די ליעדער פון א. לעיעלעס זיינען [illegible] פלאַנמעסיג אויסגעלייגט, אַזוי ווי די גאַסען אין אַ נייע געבויטע שטאָדט.

א. לעיעלעס איז מאָדערן, באַזיצט פאָרם, וועלכע ער פאַרנאַכלעסיגט גאַנץ אָפט. לעיעלעס האָט אין אַלע זיינע ליעדער פאַרהיימליכט דעם טאָן פון אונזער צייט, און דאָס איז ניט דער גלייכער אויסציהענדער טאָן, וואָס ציטערט מיט איבערפלוס פון סענטימענטס, נור, וועלכער ווערט אָפט איבערגעשלאָגען פון אַ נערוועזען צוקען. די מאָטיווען אויף וועלכע א. לעיעלעס דיכטעט זיינען פאַרשידען און ווערען גאַנץ אָפט אַרויסגעזאָגט הויך, שוין אַביסעל צו הויך, אָבער דערפאַר זיינען זיי אַלע אין איינקלאַנג מיט דעם באַגריף פון אונזער צייט און לעבען. און אין זיינע ליעדער פיהלט זיך עראָטישע נערוועזיטעט און אויך גאַנץ אָפט אַ האַרטקייט, וועלכע איז אָבער פיעל אַנגענעהמער, ווי די צופלאַסענקייט פון דעם איבערגעטריבענער ליריזם.

אָבער א. לעיעלעס איז אַ מאָדערנער מענש, און פאָלגליך ניט

אויסגעהאַלטען : — און ווי נאַריש די שטערבליכע זיינען !...

אין דער אָפּטיילונג „דורכ'ן פענסטער" זינגט לעיעלעס זעהר פיעל פון ליעבע. און געווענליך איז ער דאַרטען נאַריש, ווי אַלע שטערבליכע, וואָס זיינען פאַרליעבט און זינגען נאָך דערצו.

צוםביישפּיעל, איז ער אין איין ליעד אַ שמאַלצער הער מיט אַזעלכע עלעגאַנטע מאַניערען און רעווראַנסען, פּונקט ווי אין אַ מינועט. ער רעדט צו דער דאַמע :

ניין, הייגט וועל איך צו דיר ניט געהן.
כ'האָב היינט געפּיהלט, אַ' שפּעט אַ' פריה :
דו ביזט מיין „בעל דאָס מאָן מערסי",
מיין אָדלער פליה, מיין שטרויכעל שטיין. —
ניין, היינט וועל איך צו דיר ניט געהן".

און שוין גלייך אין דער צווייטער ליעד, וואָס פאָלגט נאָך דער ערשטער זינגט ער שוין ווי אַן אמת'ער, טיפּישער ישיבה בחור :

ס'האָט די ליעבע אויסגעפלאָכטען
מיר אַ שעהנעם קראַנץ פון בלומען,
ווען איך האָב געליעבט אַ מיידעל,
איז אַ בלימעל צוגעקומען.

פאַר מיין קראַנץ האָט ס'גוטער פול
בלימעלעך אַלערליי געפונען,
בלויע בלימעלעך, ווייסע בלימעלעך
און אויך רויטע ווי רובינען...

און דער דיכטער נעהמט אַזוי אַן ווייטער און סאָרטירט די פאַרבען פון די בלומען לויט ווי זיי ענטשפּרעכען די פאַרבאָרגענע איינגענשאַפטען פון זיינע דאַמען :

בלויע בלימעלעך — זאַנפטע זעלען,
ווייסע בלימלעך — צניעות טויבען,
רויטע בלימלעך — הייסע שעלמעס,
וועלכע פלעגען נעכט מיר רויבען.

די לעצטע שורה, וועלכע פלעגען נעכט מיר „רויבען" באַציהט זיך נור אויף די „רויטע בלימלעך — הייסע שעלמעס". און עס איז זעהר שוואַך צו פאַרגענדינגען אַ פּערז, ווען אין די ערשטע צוויי שורות זיינען דאָ אַזעלכע „בלימלעך", וואָס פלעגען דעם ריכטער וואַרשיינליך געבען רוה און געמיטליכקייט.

און אין אַלגעמיין, זיינען אַזעלכע ווערטער, ווי „בלימלעך", „צניעות טויבען" „הייסע שעלמעס", אַ שלעכטע קאָמבינאַציאָן פאַר וועלכער עס איז ליעבעס ליעד, און דערהויפּט פאַר דעם זעלבען דיכטער, וואָס האָט געקענט אָנשרייבען אַזאַ קרעפטיג באַדלעריש ליעד ווי —

„דער נערווּ, דער נערווּ.
דער נערווּ, וועלכער גרוילט,



פון אַ מת, וועלכער פוילט
דער נערווּ, דער נערווּ.

נעהמט אין גאַנצען מיך דורך
פריקרע זיסליך אַזוי,
געלבליך גריגלנך און בלוי
דער נערווּ, דער נערווּ.

איהם צו מיידען איך זוך,
ער פאַרפאָלגט מיך נאָך מעהר,
און איך זעה איהם... שפּיר... הער...
דעם נערווּ, דעם נערווּ.

— — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —

פון מיין איינענעם טרופּ
דעם נערווּ, דעם נערווּ".

עס איז אפשר אַ חסרון, וואָס א. לעיעלעס איז צופיעל באַוואוסטזיניג און איז צופיעל איינגעווייהעט אין דער קונסט אי'ן נעהיימנים פון ליעדער שאַפען, וואָס דאָס ערלויבט איהם זעהר אָפט צופיעל צו גלענצען און מאַכען פאַרשידענע טעכנישע קונצען אין זיינע ליעדער. — אָבער נאָך אַלעמען איז דאָס אַ קליינינקייט, און נאָך ערגער זיינען די פאַרגליווערטע, אונבאַוועגליכע דיכטער.

גאַנץ אָפט באַקומט זיך דער איינדרוק, אַז א. לעיעלעס איז דרייסט און ער ברעכט די אָנגענומענע באַגריפען פון ליעדער שרייבעריי. ער שרעקט זיך ניט פאַר ספּעציעלע טעכנישע אויסדריקען. גלייך, ווי אונזער יאָהר הונדערט שרעקט זיך ניט פאַר וועלכע עס איז טראַדיציאָנען. אין אַ צייט פון קינאָמאַטאָגראַפען און —

„סעמאַל, גראַנים, גערויש, געבראַזג, געפילדער
אויטאָמאָבילען, הויך באַהן, טיעף באַהן, קאַר.
בורלעסק, גראָטעסק, קאַמפּען, קינאָ בילדער,
עלעקטריש ליכט און גרילצענרען ווירוואַר"

זיינען די מענשען ניט געוואוינט צו אָפּזוכען נוטע און שעהן, געשליפענע פראַזען, וואָס זאָלען נור האָבען צו טהון מיט די אייד עלסטע „מענשליכע געפיהלען" און עכט ריינער פּאָעזיע אין דעם שניט פון דעם קלאַסיציזם און ראָמאַנטיזם.

אונזער יאָהר הונדערט האָט זיין איינענאַרטינען ריטהם, וואָס איז אין דיאַמעטראַלען געגענזאַץ צו דעם פאַרשלעפּערענדען און באַרוהיגענדען ריטהם און טעמפּ פון יענער צייט, ווען דער רויך פון קוימענס און דאָס רוישען פון אַלערליי דאַמפף מאַשינען האָבען ניט אָנגעפילט די לופט. דער ריטהם פון אונזער צייט איז דער ריטהם פון „רעג טיים".

אין לעיעלעס ליעדער פיהלט זיך א פארבארגענער ציטער, א פארבארגענע מורא, און גאנץ אפט ווייהען זיי ארויף אזא ביזארע שטימונג; און עס באקומט זיך א געפיהל, גלייך ווי מען וואלט מיט עטוואס שווערעס און טריבעס געקומען אין בערירונג.

אן אויסגעצייכענט ליעד איז „יואלא". עס פיהלט זיך אין דער ליעד גוטער טאן און געשמאק. אויך גוט איז דאס ליעד „דער נאכט גאנג" : — אטעמט מיט דריקענדען געפיהל און קאשמאר.

א. לעיעלעס האט אין בוך אן אפטיילונג, וואס רופט זיך „שטארט". אין דער אפטיילונג נעהען אריין אלע ליעדער פון דיכטער, וואס ער האט געווידמעט דער „שטארט". פיעלע פון זיי זיינען געלונגען. עס געלינגט דעם דיכטער מיט געוויסען שנעל־לויפענדען טעמפ אויף אונז צו ווירקען אזוי, אז עס זאל זיך אונז דוכטען, אז מיר פיהלען דעם אטעם־צוג פון דעם גרויסען מאנסטער די „שטארט".

אבער אפטמאל פארדריסט, וואס לעיעלעס באציהט זיך ניט מיט געהעריגער סימפאטיע צו דעם, וואס ער דיכטעט פאר אונז אויס. ער איז נאך גענוג פראווינציעל מיט דעם, וואס ער לאזט אונז ווי ניט ווי צו פיהלען, אז ער האט רחמנות אויף די יעניגע, ועמענס לעבענס ועלקען צווישען „מעטאל, גראניט, גערויש, גע־בראזג, געפילדער".

אין ליעדער איז זעהר ניט אנגענעהם, ווען דער דיכטער באציהט זיך מיט א מיטלייד געפיהל צו זאכען, וועלכע ער בויט פאר אונז אויף. עס דייטעט אן אין דיכטער די אבוועזענהייט פון עכטקייט און גוטען געשמאק.

אין דעם ביכעל שטויסען מיר זיך אן אויף גאנץ אלטע מאטיווען, דאס הייסט אזעלכע מאטיווען, וואס אלע דיכטער זינגען זינט די וועלט איז באשאפען געווארען. זעהר אפט קלאגט זיך דער דיכטער, אז ס'איז איהם אומעטיג — אבער אין איין ליעד שטרייכט ער אזוי שטארק אונטער, אז איהם איז אומעדיג, אז עס איז כמעט ווי אונמעגליך דעם דיכטער ניט צו גלויבען.

דאס ליעד הייסט „פארענדיג", און דער דיכטער קלאגט זיך :—

ס'איז אומעטיג... כ'פאהר אלץ, און וואו, זאגט, געפינט זיך
דאס ארט, וואס צו איהם שטרעבט מיין בלאנדזשענדער בליק ?
דער וועג, אח, איהם ארט ניט. ער שפינט זיך און שפינט זיך,
און פרעגט ניט צי וויל איך פארויס, צי צוריק.
איז אלעס, איז אלעס באשטימט שוין פון פריהער ?
ס'איז אומעטיג מיר...

און אין דעם טאן פליסט אזוי דאס גאנצע ליעד, און ער פאר־



ענדיגט יעדער פערז מיט „ס'איז אומעריג מיר", ביז ער קומט צום לעצטען פערז, וואו פול מיט רעזיגנאציאן זאגט דער דיכטער :

פליה, צוג מיינער... שנעלער ! וואוהין וועסט נאר וועלען.
איך פרעג מעהר קיין זאך ניט. מיהר דו שוין אליין.
עס קען דאך, עס קען דאך קיין פראגעס ניט שטעלען
דער וואנדערער האנג דער געווארפענער שטיין.
מיך שלעפערט סיי ווי שוין, דען נאס מיין .אהן שיעור
איז אומעטיג מיר...

יע, דער דיכטער איז גערעכט, ווייל
...„עס קען דאך קיין פראגעס ניט שטעלען
דער וואנדערער האנד דער געווארפענער שטיין !..."

עס פארדריסט, וואס לעיעלעס איז ניט פארזיכטיג מיט ווערטער און אויסדריקע, און איז נאך דערצו אזוי גרויזאם ניט צו נעהמען אין אנבאטראכט דעם זעהר פיינעם געהער פון ראפאנירטען לעזער, וועלכן ער ווארפט צו אזא שורה, ווי —

„עס וואיעט דער כלב פון תאוה אין מיר"...

און דא האט דער דיכטער א טעות, ווען ער מיינט מיט דער אונגעלומפערטער שורה צו זיין איבערציינגענד און שטארק. אזעלכע שורות ביי אלע דיכטער ציינגען אן, אז דער דיכטער האט א שוואכקייט צו קלאפען מיט'ן פויסט אן טיש : ער קלאפט, ער מאכט אן א טומעל, אבער עס באווייזט פאר קיין פאל ניט, אז דער דיכטער באזיצט קראפט.

אין דער פאעמא יהודה הלוי שטרייכט דער דיכטער אונטער דעם געדאנק, אז א חלום טאר ניט ווערען א ווירקליכקייט :

זעהסט די האנד פון דעם מזל,
וועלכע שרייבט דארט אין דער וויים :
קיינער זאל ניט וואגען מאכען
פון א טרוים א ווירקליכקיים...

אבער יהודה הלוי'ן האט דאס שיקזאל געטריבען צום לאנד פון זיין חלום און פאנטאזיע, ער האט געזוכט צו מאכען פון חלום א ווירקליכקייט, און עס האט פאסירט, אז —

בעוואקסענט פון פוס ביז דעם קאפ,
ניט קוקענדיג קיינמאל אראפ,
געטריבען אין א ווילדען גאלאפ,
איז דארט אן אראבער ווי א וויכער.

עס רייסט זיך דאס היציגע פערד
פון גאלדענעם געשפאן, קוים מען הערט,
ווי ס'ריהרט מיט די פיס אן די ערד,
עס לויפט און עס יאגט זיך אלץ גיכער.

דער אראבער „זעהט ניט דעם אלטען פאעט", „וואס שיקט זיין לאנד א געבעט", און —

א ציה ביי דעם צאם ניט ער בלינד...
ווי א פליגעל פון האסטיגען ווינד
אריבער דעם גוף שפרייזט געשווינד,
און טויטעט יהודה'ן דעם ריטער...

יהודה הלוי איז געטויטעט געווארען אין דעם מאמענט, ווען זיין הייסער און ברענענדיגער פארלאנג צו קושען די שטיינער פון היילינגען לאנד איז פארווירקליכט געווארען. און דער דיכטער פארענדיגט:

שטיל, נאר ווי א ווייטער בת־קול,
האט געטראגען זיך פון ווייט:
קיינער זאל ניט וואגען מאכען
פון א טרוים א ווירקליכקייט.

אין דער פאעמא איז דא פיעל פארם און טאן, און איז אויך גוט אויפגעפאסט. אבער עס פעהלט אין איהר יענע קרעפטינקייט און זאפטינקייט פון פראזע און ריטהם מיט וועלכע די אלטע מייס־טערס פלעגען באהאנדלען אזוינע טעמען.

עס איז אין אלגעמיין באנאל און אפטמאל אויך איבעריג פאר'ן דיכטער צו דיכטען אויף טעמען, וואו דער שווער פונקט ליעגט נור אין דעם, ווי צו דערווייזען, ווי דער איינציגער קעמפט, ווי א נאט, געגען שיקזאל, אדער געגען גאנצע ארמייען, אדער ער טוט עפעס אזוינס, וואס קיין געוויינליכער שטערבליכער וועט ניט טהון. אט די אלע פאלקס באלאדען, לעגענדען און העראישע גע־זאנגען, זיינען אונז שוין פון לאנג אן באקאנט אויף אזוי פיעל, אז מיר קענען, ראכט זיך, מיט זיכערהייט אנווייזען, וואו דער דיכטער וועט מיט באטהאס אונטערשטרייכען דאס העראישע, דאס אויס־סערגעוויינליכע אין דער פאעמע, און וואו ער וועט האבען אויך די געלעגענהייט צו זיין פארבענרייך און באמבאסטיש.

אבער היינט, אין אונזער צייט, — צו וואס דיכטען אויף אט די טעמען? און גלאט צו וואס דארף מען דיכטען אויף טעמען. וואו דער ראפענירטער מבין זאל האבען א געלעגענהייט אנצו־ווייזען מיט'ן פינגער:

„אה, דער האט עס באהאנדעלט, דער האט אויף דער טעמע בעסער געשריבען"...

איך קען זיי די מבינים:

הים נאט אוים יערער רעכטפערטיגען און עהרליך דענקענדען פאעט פון זיי....

ם. י. חאימאוויטש.

סאנאטאריום זשורנאל
פאר לידער און קריטיק

רעדאקטירט פון ה. גורעלסאן.



יערליך [illegible]
[illegible]

## דער בריף פון די זיבען ברידער צו די זיבען ברידער

שעהנע זיבען ברידער, מיר שרייבען אייך דעם אמת,
נאַר דער ים, וואָס שיידט אונז, מאכט דעם אמת בלייכער.

אונז געהט דאָ גוט :
מיר האָבען האָלץ צום הייצען,
מיר האָבען זאַלץ צום ברויט —.
און לייעדער זינגען מיר די אלטע נאָך,
טאָג און נאכט, און פיש און פייגעל,
און רעגענבויגענס האָבען מיר דאָ אויך.
נאָר אונזער שעהנקייט בלאָנדזשעט אום
אויף אלע וויסטע וועגען
און רעדט רייד, וואָס פאסען פאר א הור.
זי וואוינט אויף דער שפּאציר-אלעע —
און טהוט אונז חרפּות אָן,
אונז זיבען ברידער.

מיר גריסען אייך, און שיקען אייך
דריי ווילדע נים, וואָס וועגען זיבען צענטער,
א קרינגעל בוימעל און צוויי געטרוקענטע פיש.

פון אונז די זיבען ברידער, וואָס שרייבען אייך דעם אמת,
נאָר דער ים, וואָס שיידט אונז, מאכט דעם אמת בלייכער.

## אַנ'אָווענט אין שטוב

וואוהין, וואוהין, מיין איינציג קינד,
זאָל איך ווייעדער געהן שפּאצירען ?
אראָבגעהן אויף דער שמאָלער,
געדיכט-בעטענשטער גאס ?
שפּאצירען צווישען די,
וואָס שפּאצירען קיינמאָל נישט ?
וואוהין, זאָג, מיט מיין בלוטיג הארץ,
זאָל איך שפּאצירען געהן ?

געהען מיר פארביי דעם אלטען גאָלדשמיעד —
דער פעטער יוסף מיינער,
וואָס האָט א שפּייז-געוועלב אין זשאמייקע,
זאָגט, אז ער געדענקט איהם,

ווען ער איז געווען א זייגער-מאכער
אויפ'ן אלטמארק אין דער היים —
געהען מיר פארביי דעם אלטען גאָלדשמיעד
און צווישען דעם געשליפענעם גלאָזווארג,
אין דעם ברייטען פענסטער,
שיינט די כסר תורה, —
וואָס היינט אין דער פריה ערשט
האָבען זי געהאלטען אין דינגען
דער סעקרעטער און דער וויצע-פרעזידענט
(ביידע-הארעפּאשנע יודען)
און שוין געבאָטען
זעקס-און-צוואנציג און א האלבען טאָלער. —
און נישט ווייט פון דער כסר תורה,
צווישען א געגילטער יד און א זילבערנער פּסאָמביקס,
אויף א שטיקעל גרינעם סאמעט,
רייצט זיך מיט מיין היילינקייט
א פארשייט און סומנע-שטראלענדיג גאָלדען צלם'על —
וואוהין, וואוהין זשע, זאָג מיר, איינציג קינד,
זאָל איך ווייעדער געהן שפּאצירען ?
און געהן מיר פארביי דאָס ספרים-האנדעל —
פארוואָס פיהל איך אזא פארצאָגטען שמייכעל
אויף מיין פּנים און אזא היימישען וועהטאָג
אינ'ם יונגען הארץ ? —
און געהן מיר פארביי דאָס ספרים-האנדעל,
מוזען מיר צוזעהן
מיט וויינענדיגע, וויינענדיגע יונגע אידישע הערצער,
צוזאמען מיט א גאנג חומשים —
פּאָסקארעלאָ און מאדאם באָבעטאָ.

און ווענען, קינד, האָב איך דען בייז געטהון,
אז מיר זאָל צוהאנדען קומען
דער שמש מיט'ן הארטען קאפעלוש,
וואָס וויל מיר פארקויפען א בילעט,
אויף וועלכען ס'שטעהט כפירוש
מיט ענלעריפע אותיות : מאסקער געשאָסטעם.
און פארוואָס, פארוואָס, מיין איינציג קינד,
זאָל איך עס דארפען וויסען,
אז דער תלמוד תורה-ייד



מיט דער קופערנער פושקע,
עסט פערציג פראָצענט
און מאכט גוטע געשעפטען ?

כ'וועל בלייבען דאָ.
אין שטוב ביי אונז איז אזוי היימליך-אומעטיג,
דו טהוסט דיין וואָכעדיגע ארבעט,
וואָס ווערט דורך דיין טהון זי געהייליגט ;
און איך בעטראכט דיין ליעב געשטאלט
און טראכט :
שוין עטליכע חדשים, ווי מיר וואוינען אין דער דירה
און די טהירען זיינען אָהן מזוזות.
און איצטער איז שוין זיבען, ס'אכטע יאָהר
זייט מיר האָבען ביידע חתונה געהאט
און מיר האָבען נאָך פון קיינעם קיינמאָל
קיין דרשה-געשאנק נישט באקומען.
איך האָב נאָך קיין טלית נישט —
פון א קיטעל אָבגערעדט —
און דו האָסט נאָך אויף שבת קיינמאָל
קיין ליכט נישט אָנגעצונדען.
אוי, ווי דאָס מאכט היימליך-אומעטיג
ביי אונז אין שטוב.

אזוי וועלען מיר זיצען דאָ,
מיין גאָלדען קינד, מיין הייליג ווייב,
ביז די ווענט פון אונזער שטוב
וועלען שטיל און פייערליך
פאמעליך זיך בעזועגען
און דערמיט בעשטעטיגען,
אז זיי פארנעמען אונזער אומעט.
זעה נאָר, קינד, אויף דער וואנט
דאָס בילד פון פרין'ן עליו השלום, —
ווי שעהן זיין פנים גליהט,
דו הערסט דעם נגון, וואָס ער זינגט ?
אוי, ווי דאָס מאכט היימליך-אומעטיג
ביי אונז אין שטוב.

מארק שוויד.

## אויפ'ן צלם

דורך פייער און בלוט און די וועלט וועט פארגעהן.
בלייבט איבער א מענשעלע איינער אליין —
אליין אונטער אייזערנע טירען פארמאכט,
ווי דו, אין דער פינסטערער נאכט.

און דא— אז דו ליגסט און דו הערסט זיין געוויין,
און דא — אז דו ליגט און דו וויינסט שוין אליין,
ווי וועסטו איהם טרייסטען, פארשאלטענער, דו,
אז דו האסט אליין נים קיין כח ?

און דא — אז ער הענגט אויף א צלם וואס ברענט
מיט וואונדיגען הארין און מיט וואונדיגע הענט,
וואס העלפט דיר די שיין, וואס דו זעהסט ארום קאפ,
ער הענגט דאך פון צלם אראפ ?

דער טרוים זיך צו זיין, ווי די נאכט אזוי בלינד.
פארפאלען. דאס בלוט פונ'ם צלם וואס רינט
וועט רינען און רינען און ווייגען אין דיר,
אזוי ווי מיט טויזענד יאהר פריהר.

דערטרוים זיך צו זיין, ווי דער ווינד אזוי גיך,
פארפאלען. דו וועסט נים אנטלויפען פון זיך,
עס וועלען די ערד און דער הימעל פארגעהן
און דו וועסט דא בלייבען אליין.

## דאס לעצטע ליעד

ווען איך וועל טויט זיין הויב מיך אויף
און בינד מיך אויף א פערד ארויף,
און לאז אזוי מיך טויטערהייט
פון קיינעם נים אין וועג באגלייט.
ביז איך וועל טריט ביי טריט אליין
צעפאלען זיך אויף גראז און שטיין.
און דו, וואס דו האסט אפגעווייסט



דיין לעבען נעבען מיר אומזיסט, —
פארטילג דעם לעצטען צייכען דא
פון דעם, וואס איז שוין מעהר נישטא.
זאל זיין, אז בלויז א טרוים פון שרעק
איז דא געווען און איז אוועק.
מיך האט דא קיינער נים געזעהן,
איך בין דא קיינמאל נים געוועז.

מ. ל. האלפערן.

# ליעדער

## יאלאנדא

קרייזעלט די ליולקע מיר קרויזען פון רויך,
שטייגט פון דער ליולקע אין דער הויך, אין דער הויך,
און ס'וויקעלט פאר מיר זיך פאנטאסטיש אזוי
א נעפעל פון בלוי, א נעפעל פון בלוי.

איך האב ליעב בלוי, יאלאנדא:
סאפירען-בלוי,
טורקוזען-בלוי,
פון דיינע אויגען וויקלען זיך רינגען פון בלוי שלאנגען,
איז דאס מיין שיקזאל :
געפאנגען פון בלויע שלאנגען.

בלויער שיין פון סאפירען, טרוימען מיינע פון יוגענד !
זיי פארפיהרען, פארפיהרען, און איך היט זיך נים פון זיי.
בלייכער שימער פון טורקוזען —
מיר מוזען, מוזען בויגען אונזער קאפ פאר זיי.
זייער בלויקייט בייט זיך
פון יעדען קאפריז פון הימעל,
און יעדער קאפריז פון הימעל
איז א ציטער אין אונזער הארין.
אזא ביזטו, יאלאנדא,
יונג-בליצען-יאלאנדא.
ביזט שטענדיג לעבען מיר,
און שטענדיג ווייט, יאלאנדא,

מיין לעבן איז א וואנדער, א וואנדער בלויז צו דיר.
כ'האב טויזענד וועגן, יעדער וועג — טויזענד שטעגן,
אויף אלע — די שפורען פון מיין וואנדערען צו'דיר.
כ'הער מיליאסען שטימען, יעדע שטים — מיליאסען קלאנגען,
אין אלע — דיין געלעכטער :
לאי־לע־לי, לאי־לע־לי,
און הערט עס מיין הארץ, האלט עס נים אוים,
פון פרייד שפרינגט עס אויף,
מיט פרייד זינגט עס נאך :
לאי־לע־לי, לאי־לע־לי.
(דאס דאזיגע הארץ,
דאס דאזיגע הארץ
זועט אויסגעהן אמאל פון דיין ווייטען, מאניענדיגען לאבען.)

מיר דאכט זיך אלע מאל אוים :
אט זעה איך דיך שוין,
אט בין איך לעבען דיר,
און צוגעה, ליוז זיך אויף אין דעם בלוי פון דיינע אויגען.
נאר יעדעס מאל גליטשסטו זיך ארוים, יאלאנדא.
דו ווערסט נים,
דו פארשווינדסט.
די בלויע שלאנגען דרעהען זיך פאר מיר,
די סאפירען פאנגען טיך אין זייער נעץ,
די טורקוזען פארפיהרען און רייצען.
נאר דיך קען איך נים דערלאנגען.

איך בין שוין מיעד, יאלאנדא,
דיך זוכענדיג.
איך ווער שוין אלט, יאלאנדא,
דיך נארענדיג....

קרייזעלט דער רויך זיך אין קרויזען,
פלעכט זיך אין בלוי־בלויע רויזען,
און פארשווינדט :
ווי די בלויע פארלאנגען פון מיין הארץ, יאלאנדא ;
ווי די פאלשע קלאנגען פון דיין געלעכטער, יאלאנדא ;
ווי די פאנגענדע שלאנגען פון דיין אויג, יאלאנדא,
ווי איך און ווי אלין, וואס אין מיר...



## קינדער

ערגיץ וואו אין א בוך זענען מיינע יאהרען פארשריבען,
און זיכער איז עס, אז איך בין איצט עלטער, ווי מיט פופצעהן יאהר צוריק.
איך אבער ווייס נים מיינע יאהרען — וויל נים וויסען,
ביז איך קוק אויף קינדער.

אויף זייערע שטערענס — מיין אמאליגע דרייסטקיים,
מיין געוועזענע זיכערקיים ;
מיינע טרוימען — איצט צערונענע.
אין זייערע אויגען — מיינע גאלדיגע מארגענס,
מיינע גאלדיגע מארגענס, וואס זיינען געווארען היינטען פון בליי,
אין'ם בויג פון זייערע צארטע, יונגע לייבער —
אלע מיינע מעגליכקייטען און פארלאנגען,
איצט פארלאכטע, איבעריגע, אומנויטיגע.

זאל איך ווערען בייז ?
זאל איך שרייען :
ווילט איהר מיינע ערטער הוצפה'דיג פארנעמען,
און די שפורען פון מיינע פארלארענע קעניגרייכען נקמה'דיג פארשוועכען ?
ווי קאן מען אבער זיין בייז אויף קינדער ?
צו וועמען איז דער רחמנות גרעסער, ווי צו קינדער.
מיר ווערט דאס הארץ ווייך, פול ליבע און פול צערטליכקיים,
ווען איך זעה און טראכט פון קינדער.

א ליעבע, א אומגליקליכע !
א אומצעהליגע געשטאלטען פון מיינע איכען !

## ווערים

ווערים ארום מיר.
נים שעהן־שופיגע, און זונשיין גליטצערענדע שלאנגען,
נאר ווערים.
גרויסע !
ווייסע !
פארבלאזע !

דרעהען זיך ארום מיר מיט דיקע, לויזע, ווייכע בייכער,
טטילע און שימעלדיג — פייכטע.
זיי פארשלינגען מיך נים,
זיי וויקלען זיך ארום מיר פון אלע זייטען,
פאראומרייניגען מיך מיט דער פייכטער, קאלטער קלעפעדיג־
קייט פון זייער הויט,

הויפען זיך אָן אויף מיר,
אלץ שטארקער,
מעהרער,
ענגער,
תאוה'דיגער,
ביז איך ווער דערשטיקט, דערוואָרגען פון דער ווייסער,
ווייכער, קלעפעדיגער מאסע.

דאָס וועט זיין מיין טויט.

א גאָרגעל!
א גאָרגעל מיר אהער!
און מעג עס זיין דער גאָרגעל פון דעם אייבינען, אומפאר־
מיידליכען, אויף אלע ראָגען לויערנדען, פינסטערען
שומר
וואָס מענשען רופען: גאָט.

איך,
דער אטאָם,
וואָס לעכט, אז ער זאָל האָבען מיט וואָס צו גרויסען זיך,
איך,
דער אטאָם, וואָס פארמאָגט אין זיין טראפעל מארך
אלע זיינע וועלטען און אלע זיינע אמביציעס,
איך —
דער פונ'ם ערשטען טאָג צום אונטערגאנג פארמשפט'ער,
דעם גערוך פון זיין אייגענעם פוילען יעדען טאָג שפירענדער,
וואָלט וועלען זעהן איהם
פנים אל פנים!....

א. לעיעלעס.



# ליעדער

א.

א האלבער הימעל רויט, א האלבער הימעל רויט.
דערשראָקענע אויף טויט,
אין הוילען וועש —
— ברייננ וואסער, לעש!
— די עמערס רינען דאָך, אוי וועה.
— אין קרעניצע צוויי הינט
גע'פגר'טע, אוי וועה און ווינד.
— עס קומט א ווינט!
— וואו איז מיין קינד, מיין קינד, מיין קינד?...
— אָ, גאָט, פאר וועמעס זינד, פאר וועמעס זינד?...
א האלבער הימעל רויט.

באָם־באָם־באָם! באָם־באָם־באָם!
צושיט זיך אויף די דעכלעך־שווארץ א קופער־קלאנג
און קומט צוריק פון סטעפ און קלאָנגט זיך אזוי באנג.
באָם־באָם־באָם ...
און וועקט אין טייך די פרעש.
קווא־קווא, קווא־קווא, קווא־קווא.
א שרפה אָט אזא...
פארלעש, פארלעש, פארלעש.

— ווער האָט געזעהן דאָס הויז וואָס ברענט?
— דו זעהסט? א האלבער הימעל רויט.
א העליש פייער. רייסט די דעכער, ברעכט די ווענט.
— אָ, גאָט, נים ברייננ מיך כאָטש אויף בעטעל־ברויט.
געווען א איד א בעל־הבית
און איצט פארגעהט אלץ מיט'ן פלאָם.
פרעגען קשיות, אך, נאָכוואָס,
דו ווייסט דאָך וואָס דו טוסט מיר מן־הסתם...

די קוימענס און די שויבען — העליש בראנד.
שטעהט איינער, האקט און ברעכט א וואנט
און איינער שטופט דאָס פערד זיינס אין געשפאן.
צושיטען זיך די קלאנגען באָם־גלין־גלאָן...

און קעץ און הינט, מיט נאסע פעל
רייסען זיך אויף טיר און שוועל.

באָם-באָם-באָם. גלין-גלאַן-גלין.
— וואו לויפסטו מיט'ן וואסער ? ניט אהין.
אהער, אהער, אויף יענעם געסעל ברענט.
— ניין, ניין, דאָס פייער האָט דאָך שוין פארלענדט
צעהן הייזער הילצערנע און צוויי פון שטיין.
— דו לערען מיך ניט וואו צו געהן,
איך וויים אליין שוין ווי און וואו.
צורעוועט זיך א קוה,
צובריקעט זיך א פערד...
— א לעבען איז אונז שוין אזא באשערט.
א האלבער הימעל רויט.

אָפּגעאקערט, אָפּגעזייהט.
אָפּגעשניטען, אויסגעזייעהט
זאמעל איצט אין שייער
ברויטען אָפּגעברענט פון פייער.
אָך, אָך, א צייט אזא.
באָם-גלאָן, קווא-קווא...

אויף די געסלעך — פעק און פעק,
קינדער טוליען זיך פון שרעק —
פאלט דער קופער גלאָקענקלאנג
שווער און באנג.

א האלבער הימעל רויט, א האלבער רויט.
פון ערגעץ ניט געזעהן און ניט געהערט
די לבנה שווימט ארויס און בלייכער ווערט
דער האלבער הימעל רויט, דער האלבער הימעל רויט.

— נו, געהט שוין שלאָפען, געהט...



ב.

שיינק אריין און שיינק ארויס
און א מאמעווארט אין הויז.
— ערגיץ בלאָנקעט זיך מיין קינד
און אין דרויסען איז א ווינט,
אזא נאכט, א דרך רע...
שאַ —
ס'האָט א סקריפ געטאָן א טיר.
— מיר זאָל זיין פאר דיר...

האָסט פארהוליעט זיך אליין,
נו ביזטו א יונג א כוואט,
מיידלעך ווי די זונגען שעהן,
פופצעהן כלות שוין געהאט.

און פארהוליעט, און פארלוליעט
דיין געווין,
און פארטריבען, און געבליבען
איין אליין...

— אך, די שטאָט, די טויעריגע,
וויפיל יונגען טרויעריגע,
פינסטער-בלייך געזיכטיגע
אויף די גאסען דיינע ליכטיגע.
וויפיעל יונגען בייגקען דאָ
אין די קעלערס-שיינקען גראָה.

— נו, פיל אָן דאָס גלאָז מיט ווייז
וואָס עס וויל זיך, זאָל זיך זיין,
אז א בחור לעבט אין שטאָט,
דארף ער ניט קיין גאָט,
האָט ער ניט קיין גאָט.

אין א טאָג א יאָהר געלעבט,
אין א יאָהר דאָס לעבען גאנץ,
נעהם דעם שאָטען פון דיין גליק
טאנץ און טאנץ און טאנץ...

פעלדער תבואה׳אינע,
וויגיג רוהיגע,
אך, די הימלאנד ווייט.
וועלדער צווייגיגע,
אייביג שווייגינע.
— נו בין איך א לייט !
איינמאל שוין א לייט !

— וואו ביזטו געווען אזוי שפעט ?
— אך, מאמע, ניט פרעג און ניט רעד.
געבראכט אויף דער וועלט מיט א האר׳ן אזוי ריין,
געלערנט אין לייטישע וועגען צו געהן.
די לייטישע וועגען אויף שיינקען פארטווישט,
אין קאפ דרעהט די שטאט זיך און רוישט
אין קאפ דרעהט די שטאט זיך און רוישט...
רייסט זיך אין פענסטער דער ווינט.
— נאט, קוק זיך אום אויף מיין קינד...

אפרים אויערבאך.

## פון „זעגעלשיפען"

דער ווינט כאפט שטיקער גליהענדיגען טאג
און נימט זיי מיט א סוויסטש צום ים א יאג ;
און אויפ׳ן שטראם וואס פליהט מיט ווילד געזאנג
אהיים־רופען די פישער־לייט פון פאנג,
לאזט ער מיט זיי זיך רייטען
צו די נעבעלדיגע ווייטען,
כיכענדיג און לאכענדיג און זינגענדיג צום פליה.

און לאנג נאך יענער וואונדערבארער שעה,
ווען ס׳טונקעלט שוין דער אווענד ס׳לאכעדיגע בלא
פון שמעקעדיגען וואסער,
צאפעלט נאך א בלאסער,
צאנקעדיגער, גסיסה׳דיגער, אומעטיגער גליה
פון שטיקער טאג וואס שטרבען אויף די זייטען
פון פארטוויכענדיג זעגלען אין דער ווייטען.

בנימין פינקעל.



## ליכט און שאטען

(פאעמא)

א

פארוואס ביזטו צו מיר אין הויז געקומען ווען דער טאג האט זיך געראנגעלט מיט דער נאכט ?

וואס האסטו געזוכט ? וואס האט דיר געפעהלט ?

דיין קלונג אין געווען אזוי שטיל, אזוי שוואך — אז איך האב געצווייפעלט : שטעהט עמיצער איצט ביי מיין טיר ?

ביסט געשטאנען פון יענער זייט שוועל ווי א ליכטיגער פלעק אין דער פינסטערניש, און דיין קול האט געקלינגען ניט זיכער :

— „האב איך אפשר געשטערט ?"

---

האלב־פרעמדע האבען מיר א ווארט געזוכט... געשטאמעלט פון דעם און פון יענעם... מיר זיינען אינגאנצען אנטשוויגען... שווער איז געווען פאר מיר יענע מינוט...

וואס קען איך, א פרעמדע, דען זאגען ?

איך האב פון דער זייט אויף דיין פנים געקוקט : א בלאסער בעוועגלאזער פנים מיט פינסטערע בליקען וואס בליקען אויף גאר נישט...

און קוקענדיג האב איך דערפיהלט : א מענש איז פון זיך און פון עפים אנטלאפען — האט אבער זיין. אומעט מיט זיך מיטגעבראכט...

האב איך אין דער פינסטער געפונען דיין האנט און שטיל זי באריהרט.

האסטו שטום מיך באטראכט.

---

איין ווארט, איין דרעה פון געשפרעך — און געפליסט האבען ווערטער אזוי גרינג, אזוי פריי...

געדאנק האט געבליצט נאך געדאנק...

נעמיטה האט באגעגנט געמיטה...

אין דער פינסטער האבען דיינע אויגען ווי גליה־ווערים געלויכטען.

ב

געבענשט זאל זיין דאס ראנגלען זיך פון טאג מיט נאכט וואס האט דיך צו מיין טיר געבראכט.

פארלאזטו מיך. — ווער איך א פרעמדע.

רעדט צו מיר וועך — ענטפערט ווער אין מיר. לאכט מען — לאכט ווער מיט...

צווינגט די ערשטע זיך אין מיר — גיסט. און פליסט זיך ליער נאך ליער. זי וויל פארקלינגען און פארטויבען יענעם קול — דיין קול.

— „ווי אויסגעלעגט דו ביסט היינט, זעה!“ זאגען שטובינע צו מיר.

שענק איך זיי אן אויגען בליץ — — —

לויפט אזוי דער אבענד זיך זיין וועג ביז איך דארף שוין שלא־פען געהן.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

מיט אויגען שארף־צועפענטע קוק איך אין דער פינסטערניש ביז זי שניידט זיך דורך.

ציטערט דיין געבעט:

— „איך בין פול מיט דאנקבארקייט צו דיר, צו דיין נאס, צו דעם גלעקעל וואס ציטערט אויף דיין האריץ, צו דער גאנצער וואכעדיגקייט פון מיין איינזאמען לעבען וואס האט זיך דערוואַרט אויף א יומטוב.“

און נאך:

— „אין בעריהר מיט דיר — טאנצט אין מיר א ניט גאסינע, איינגעשלאסענע פרייד.

„קום מיט ליעבשאפט און דערבארימונג!“

ג

די נאכט פאלט צו.

קוים וואס עס מערקען זיך קאנטורען פון בילדער און מעבעל ארום. א בליק פון לבנה־אויג דרינגט דורך די שויב און פאלט אויף מיין קלייד, אויף מיין האנט, אויף מיין אפענעם בוך.

ס'איז אפען דער בוך, שוין פון לאנג, שוין פון לאנג, — און קיין בלעטעל ניט איבערגעמישט.

שוין לאנג אז איך קוק אין דעם טונקעלען דרויסען ארוים.

שטיל איז ארום.

צינדען זיך פייערליך אן אין די פענסטער, רייסען א דורך די פינסטערניש, ברענגען צושטערונג אין דער שטילקייט אריין.

דערשרעקען זיך שאטענס אין הויז און ציטערען אויף אין זייערע ווינקלען...

דערשרעקען זיך מיינע חלומות און ווערען פארשוואונדען...



בלויז דיין שטיל קלאפען אין מיין טיר — דאס שטיל געבעט:
„קום מיט ליעבשאפט און מיט דערבארימונג!“
ציטערט נאך אין מיר.

ד

— אויף'ן שוים האב איך מיין איינזאמקייט אויפגעצויגען. מיט אויגען פארמאכטע, און צייהן פון וועהטאג פארקריצטע, האב איך זי אזוי לאנג צו מיין הארצען געדריקט — ביז זי האט מיט מיין בלוט זיך צוזאמען געגאסען.

וואס ארט דיך, אז דאס לעבען מיינס פליסט זיך איצט שטיל אין די ברעגען פארצאמט?

קומסט און זאגסט:

— „קום מיט מיר!“

ווי א שטיין אויף'ן שפיגעל פון שטילען וואסער איז דיין רוף איצט געפאלען.

ברייטער און גרעסער זיך שפרייטען די קרייזען אין מיר; דער אונרוה — ער האלט שוין דעם קאפ אויפגעהויבען...

פארפאלען! —

פארפאלען!

ה

שטענדיג קלינגט איצינד דיין קול — מיך רופענדיג.

וואס ווילסטו, וואס רופסטו — דו ווערסט נאר נישט מיער.

וואס רעדסטו צו מיר אויף דיין שפראך דער פיעלפאכיגער?

רופסט מיך — וואוהין?

איך וויים ניט דעם וועג; דו ווייסט איהם אליין ניט.

און וואלטען מיר געלאזט זיך א וועג אויסצוזוכען — זייגען די פעדים פון אונזערע לעבענס מיט פעדים פון אנדערע לעבענס צוזאמענגעפלאכטען...

הער איך שוין ווידער דעם רוף?

האט נאר די נאכט קיין שלאף ניט פאר דיר?

שווארץ איז מיין הויז...

וועל איך אנצינדען פייער און די שאטענס פארטרייבען; וועסטו אויך ווי א שאטען פארשווינדען.

אט הויב איך זיך אויף שוין פון שטול; טאפ אין דער פינסטער דעם לאמפ אנצוצינדען.

עס דערהערען זיך פלוצים אונהערבארע טריט...

דער אויער שלינגט יעדען קלאנג... נעהענטער, נעהענטער, קומען די טריט.

רגע'ס אין אייבינקייט ווערען פארוואנדעלט.
אט קלאפט מען אן. אט קומסטו אריין.
און ווידער קלינגט דיין געבעט:
„לאז מיך זיין דער שאטען פון דיין פרייד!"

ו

לאנגזאם וויגען זיך די ווערטער דיינע הין און הער.
„לאז מיך זיין דער שאטען פון דיין פרייד... לאז מיך זיין דער שאטען פון — "
— נאר דער שאטען? טוט דאס הארץ א צאפעל ויך.
— יא, דער שאטען, נאר דער שאטען — — — אזוי דארף זיין, אזוי דארף זיין...
בלאסער ווערען אלץ די ווערטער; האלב פארמאכט איז שוין מיין אויג. פלאנטערט זיך נאך אלץ אין מח:
— „לאז מיך זיין דער שאטען פון דיין פרייד — — לאז מיך — — פרייד — — זיין — — דיין פרייד...
איינגעוויגט איז שוין דאס הארץ; רוהיג שלאפט שוין דער געדאנק...
— — דיין פרייד — —

(שלום אין סעפטעמבער נומער).

א י ד א  ג ל א ז ע ר.

## סעזאמע

עפען זיך סעזאמע.
ס'טונקעלט אין הייהל.
און איך
פאר'חלש'ט אונטער דעם יאך
פון די זעק מיט גאלד, זילבער און בריליאנטען,
שעפטשע אהן כחות:
עפען זיך סעזאמע.
די זון האט זיך שוין מסתמא
צווישען די בערג באגראבען
און א וויסטע נאכט באדעקט שוין וואלד און טאל.
פינסטער.
כ'האב מורא מיינע פארלאפענע אויגען צו עפענען
און זעהן דעםווילדען סקעלעטען טאנץ.
שווארץ־בלאהע פייערען טאנצען אין הייהל!
ווילד — בלוטיגע עכאס זינגען כרכלענדיג אין הייהל!
מיט א שוים־פארלאפענעם מויל שריי איך:



עפען זיך סעזאמע!
ווילדער גאלאפ פון פערד.
טראמפייטען שאל איבער פעלד און טאל.
נעהנטער.
נעהנטער קומען זיי.
באלד. באלד.
א פער'חלש'טער
מיט שגעון'דיגען הארץ־קלאפ:
עפען זיך סעזאמע.
.עזאמע.

## פארפאלען

קלער איך זיך אזוי:
ס'פליסט סיי ווי שלעפעריג ס'בלוט אין די אדערען מיינע
און א באגעהר צינדט זעלטען זיך אין מיין הארץ.
זאג איך אזוי:
איך — אין די גרויסע זידענדיגע שטאט.
אזעלכע פרעמדע.
וואס בין איך צו איהר.
א גר, א וויסטער גר.
טראכט איך זיך אזוי:
כ'וועל זיך איבערדעקען מיט דער ווארימער קאלדרע
און דרימלען.
און פון ווייטענס וועלען זיך דערטראגען קולות
פון ווילדע שטיפערישע שטאט קינדער.
הא. הא. הא.
דער געשריי, דער געליארם, דער געפילדער
פון דער אייזערנער, שטאלענער, בראנזענער שטאט.
אבער איבער מיר וועט רוהיג א שפין זיך וועבען זיין געוועב
און איך וועל שלאפען, שלאפען, שלאפען.
ליג איך:
און כ'הער, ווי די שטאט רעוועט, רופט, מאניעט, ציהט
מיך דעם גר, דעם ווילד פרעמדען.
און כ'טראכט זיך:
אמת, ס'פליסט שוין שלעפעריג ס'בלוט אין די אדערען מיינע
און די שטאט — וואס איז מיר די שטאט.

אָבער אזוי וועל איך שוין אוועקפאלען אמאָהל
און צושמאָלצען ווערען
אין דעם זידען פון דער שטאָלענער שטאָם.
פארפאלען.

## האָבען די קעמלען...

האָבען די קעמלען ניט דערצויגען מיט די לאָגלען.
האָבען בייזע ווינטען און האָגלען צולעכערט די לאָגלען.
אוי איז מיר, אוי איז דיר.

און אז ס׳וועלען, ווען ניט איז, די קעמלען
פון לאנגען וועג דערציהען,
וואָס וועלען זיי אונז ברענגען ?
גאָרניט וועלען זיי אונז ברענגען. —
אלע לאָגלען אויסגעגאָסען,
פון דעם ווינט צוטראָגען
איבער אלע פעלדער.
זועט די ברכה פון די לאָגלען
שפּע פאר דער גאנצער וועלט באשאפען,
נור ניט פאר אונז ביידע.
אוי איז מיר, אוי איז דיר.

וואָס זשע וועלען מיר ביידע טאָן ?
וועלען מיר ביי די טויערען זיצען,
איך און דו,
אויסוויינען ביז בלינד די אויגען.
וועלען מיר הויך אויפ׳ן קול
בעטלער ליעדער זינגען,
בעטלען מענשענס גאָב.
אוי איז מיר, אוי איז דיר.

יעקב גלאַטשטיין.





# ליעדער

## אין גאָלד

אין גאָלד פון אווענד,
אונטער מיין שלייער,
ברענען אווענדיגער
מיינע אווענדיגע אויגען.

שלאנקער אינגעל,
הויבט ניט אויף מיין שלייער !
אין גאָלד פון אווענד,
אונטער מיין שלייער,
בליהט מיין ליבער סם
אין די בלייכע רובינען
פון מיינע הייסע ליפען.

שלאנקער אינגעל,
הויב ניט אויף מיין שלייער !
אין גאָלד פון אווענד,
אונטער מיין שלייער,
בליצען געשליפענער,
שארפער און דינער
מיינע ווייסע ציין,
מיינע דינע מעסער.

## ווייסע שוואנען

ווען אין די שטילערע רוישען
פון פארקלערטע גאסען,
צינדט דער בלויער אווענד
אויף די ראַנס פון דער שטאָט,
געלע, גאָלדענע לבנות —
שלייכען זיי שטילע ארויס
אויף די ראַנס פון דער שטאָט,
ווי ווייסע שוואנען
מיט ווייסע העלזער,

מיט רויטען גאָלד אין די אויגען,
אין זייערע פארשלאָסענע אויגען.

ווי ווייסע שוואנען
איבערן גאָלדענעם שטראָם
פון די געלע גאָלדענע לבנות,
שווימען זיי שטיל,
שווימען זיי שטיל,
מיט פארטאכטע פליגלען,
צום בלויען, פארשלאָפענעם טייך
פון דער נאכט. אין דער נאכט,
טרינקען בלויע וואסער.

## דער געלער הונד

א שלאנקע, מיט דינע אקסלען,
אין שווארצען שטילען זייד,
מיט שווארצען טרויער אריבער די אויגען,
א טונקעלע,
אויף א קריין פון אלעיען,
ווארט זי אויף מיר, א שעהנעם,
און האלט אויף א גאָלדענער קייט,
איהר געלען פארטרויערטען הונד.
אוועגנד.
איך קום פון גאסען און שמייכעל :
— שפעט ?
— איך האָב אומזיסט אין די טונקעלע שפיגלען
געזוכט מיין איידעלען טרויער —
איך האָב דעם טרויער אין ווארטען געפונען.
דער געלער הונד, אויף דער גאָלדענער קייט,
קוקט אין דער בלוי פון הימעל
מיט בלייכע פארריסענע אויגען.
איך הויב אויף איהרע שלייערען :
— איהר זייט היינט אזוי בלייך...
— איך האָב פון אייערע אויגען,
דעם ביטערען נעבעל געטרונקען...
דער געלער הונד, אויף דער גאָלדענער קייט,
קוקט אין די גרינע אלעיען,
מיט געלע פארלאָרענע אויגען.



די לייכטע שלייערען פאלען.
די ליפען — געקרייצטע שלאנגען.
דורך דינעם גרין פון בוימער,
אין פייערען — רויטע שלאנגען,
ברענט די שטאָדט ווי א שרפה.
דער געלער הונד, אויף דער גאָלדענער קייט,
מיט רויטע, פאַרטרויערטע אויגען,
זוכט אין דער שרפה פון שטאָט,
זיין שטילע לבנה.

## אין גרויען —

די גרויע גאסען רינען.
די נאכט דורך נעבעלען קריכט.
און דאָ די מאנדאלינען,
די פארבען און די ליכט,
אין איהרע קאסטאניעטען,
און איהרע קליינע פיס,
און פרויען און פאָעטען
פארטרויערט לייכט און זיס.

מאני לייב.

## עפיגראַם

ס'איז קלעאָפאטרא שעהן געווען — געוויס !
געבענשט זאָל זיין דערפאר מצרים לאנד.
נאָר איך וועל צערטלען דיינע קליינע קאָוונא־פיס
און קושען דיר דיין אויסגעבלייכטע קאָוונאָ־האנט.

ס'האָט צעזאר זיך אודאי גוט און פיין
פארבראכט ביים שפילעוודיגען קעניגליכען ווין,— —

נאָר איך וועל, קאָוונאָ־קינד, דיך ניט פארביטען
אויף אלע קלעאָפאטרא'ס פון די שענסטע צייטען.

## ברוינע

ברוינע, רויטליך־ברוינע זון־פארברענטע זייגען דיינע האר,
מיינע — קויל, —
גליהען מיט דעם שארפען, שמאלען־שארפען גליה פון קויל.
זעה, —
אינ׳ם זשאר פון פלאמיגען קאמין
אויפגעגליהט האט העל/א פייעריגער רונדער קאפ —
פלאמיגע אויגען און פלאמיגע האר. —
שווארצע קוילען —
פאלען אינ׳ם גלוטה אריין,
קנאקען, שפריצען —
פונ׳ם פלאם געבריהט,
פונ׳ם פלאם פארגליהט — — —
ווערען גלוטיגער די פייער־פעדים, —
בלוטיגער די אויגען —
דורכגעברענט האט שוין דאס הארץ פון שווארצען קויל
פליהען פונקען אויף און אפ
רונד ארום דעם פייער־קאפ.
פונקען־פייער־אויגען
רויטע־צינגלאך —
שפילט מיט רויטע צינגלאך זיך דער פייערדיגער טויל
שלינגט און שלינגט אין זיך דעם דורכגעברענטען קויל —

---

ברוינע, רויטלעך־ברוינע זון—פארברענטע זייגען דיינע האר,
מיינע — קויל —
גליהען מיט דעם שארפען, שמאלען־שארפען גליה פון קויל.

## שוין טויזענד מאל

שוין טויזענד מאל האט מען דיין ליעד געזונגען.
אין שטאט, אין דארף, אויף בארג און טאל —
און נאך אמאל, און נאך אמאל. — — —
אין אייזען־גליה אויף שמיין געשמידט,
אין בעטלער׳ס ליעד, אין אקער־שנים,
אויף פאלאין־שוועל, אין תפיסה־צעל
אין רינשטאק שליים, וואו אהן א היים
דערגעהט, דער׳גוסס׳ט, ווי א הונט
דער וואגאבונד.



שוין טויזענד מאל האט מען דיין ליעד געזונגען.
נאר קיינעם׳ס אויג פון שעהנסטען, אויסדערוועהלטסטען דור
האט ניט געבלענדט זיך היים מיט דיינע זון־פארברענטע האר;
האט ניט געשפירט דיין בלוט־געלויף, דיין הייסען הויט־געדוך.
און ווי די זון מיט יעדען מארגען־ברוך
צולאזט אין מזרח נייעם גלוטה,
און ווי דער אווענט־שטערן שימערט אויף מיט נייעם בלוט
אין יעדער תמוז־נאכט —
אזוי האסטו מיר נייעם ליכט געבראכט,
דו ערשטע פרוי־געשטאלט פון נאהענט און פון ווייטען,
פאר דיר מיין ליעד — דיין ליעד — דאס ערשטע ליעד פון
אלע צייטען!

ב. י. ביאלאסטאצקי.

## ליעדער

א.

דו צארטער, מיט די קינדיש בלויע אויגען,
אין א רעגע־דינען טאג
האסטו אויפגעשיינט פאר מיר;
האסט מיך מיט׳ן שירים ביז דער באהן באגלייט
דאן דערלאנגט דיין צארטע האנד,
און דיינע אויגען — בלויע בלימעלאך,
האבען אין דעם רעגען זיך א וויג געטאן,
ביסט פארשוואונדען.
נאר דורכ׳ן פענסטעריל פון באהן,
אין דעם קרומען גאנג פון רעגען,
האבען אויפגעבליצט און זיך געוויגט
בלויע בלימעלאך צוויי.

ב

אויגען, אויגען, מיעדע שטערען,
פון א זומער נאכט;
גערען אויף און פינקלען ווידער
אין מיין בלויער נאכט.

נאָר מיין בלוט צום פּנים שלאָגט זיך
פון דעם סיעדען שיין ; —
קוקט נים, קוקט נים, סיעדע אויגען,
אין מיין הארץ אריין...

ס'האָבען אויגען שוין פון פריהער
אין מיין הארץ געגליהט ;
איינגעטונקט זיך, אויסגעלאָשען,
ווידער אויפגעבליהט.

אויגען, אויגען, סיעדע שטערען,
פון א זומער נאכט,
טוקען זיך און פינקלען ווידער
אין מיין בלויער נאכט.

ר א ש ע ל  ו ו ע פ ר י נ ס ק י.

## גאָט ! — — —

גאָט ! — — —
האָסט גענומען דיינע איבעריגע שעה'ן
און זיי אָנגעפילט מיט פיין ;
און דיינע טעג די ל י י ד י ג ע —
מיט שווארצען רויך...
און אויפ'ן האלז מיר אָנגעהאנגען —

פון דיינע פוסטע, איבעריגע שעה'ן,
פון דיינע זון-און-שטערען-לאָזע טעג און נעכט
האָסטו צונויפגעקנוילט.
— איך וויים נים וויפיל — יאָהרען,
אריינגעהויכט א גרינע גאל...
און גערופען מיט מיין נאָמען...

הענגט דער חושך פון מיין לעבען
אויף דעם ראנד פון מיינע וויעס —
(מיין אינסטינקט שילט די האנט פון יענער גאָט...)
שליידער איך די טעג און נעכט — שטיקער פון דיין ווערק....
ארט מיך נים וואוהין זיי פאלען : —
מיין נאָמען איז אליין איינס פארשעמט...



## א מחנה בייזווילינע גערזאָנקען...

א מחנה בייזווילינע געדאנקען
שפּאַצירען אום
איבער די הייסע קאָרידאָרען פון מיין מארך...
שארען זיך אין ענגשאַפט.
ווי א ראשינער מוראשקען-בארג,
וואָס קיצעלט דעם פארשטויבטען שארבען פון דער ערד ;
ציהען זיך
ווי קופער-קאָלירטע ווערים,
מיט אָנגעזופּטע בייכער,
דורך די זאַפטיג-גרינע בלעטער פון דעם קרויט,
אַון פרעסען,
פרעסען...

ש. ק ו ר ץ. פילאדעלפיע.

## פּאָעזיע אויף דער ביהנע

א אינטערוויו מיט עמאנועל רייכער, קונסט דירעקטאָר פון „דאָס נייע אידישע טעאטער".

— האָט די פּאָעזיע עפּיס א שייכות מיט דער ביהנענקונסט?
—זיכער, אָבער ווען איך געברויך דאָס וואָרט „פּאָעזיע" מיין איך דערמיט יענע ריין-גייסטיגע אטמאָספערע, וואָס ווערט ארויפגעבראכט א יף דער ביהנע. ס'איז דאָס וואָס מען רופט, געוועהנליך, נ ש מ. ה. א טעאטער-שטיק אויף דער ביהנע קען נור דאמאָלס מאכען אן איינדרוק, ווען אונטער די רייד און די האנדלונגען פיהלט איהר די מענשליכע זעלע מיט איהרע ליידען און פריידען, מיט איהרע ליידענשאפטען און געפיהלען. דאָס איז פאר א סך צושויער אן אונבאמערקבארער עלעמענט. אָבער אין יעדען בעסערען שטיק איז דער הויפּטער עלעמענט — דער וויכטיגסטער. דער דאָמינירענער. אין א דראמא מעג זיך האנדלען וועגען אלץ אין דער וועלט,
— דער אלגעמיינער אינערליכער מאָטיוו אָבער איז קיינמאָל נישט אויסער די גרעניצען פון דער אונזעהבארער מענשליכער נשמה, וואָס עכטער און מענשליכער, וואָס בעסער, הייסט עס. א דראמא איז אלץ א בעסערע אָפּשפּיגלונג איז זי פון דעם מענשליכען זעעלען-לעבען — אלץ פּאָעטישער איז זי. אויב איהר מיינט אלזאָ דעם בעגריף „פּאָעזיע" אין אָט דעם ברייטערען און טיפערען זין פון דעם

ווארט, — איז די פאעזיע דער וויכטיגסטער און דער דאמינירענדער עלעמענט אויף יעדער קונסט־ביהנע.

— קען מען דערפון נישט ציהען דעם שלוס, אז לויט אייער מיינונג איז די אזוי גערופענע לירישע דראמא — די בעסערע דראמא?

— ווייט נישט אזוי. פאעטישע רייד אליין, געפיהלס־אויסגרסען און ווערטער זיינען נים די פאעזיע פון דער ביהנע. אין איין רעאלער דראמאטישער מענשליכער האנדלונג קען אמאל זיין מעהר נשמה, ווי אין הונדערט רעקלאמירטע פערזען.

אייגענטליך איז אין יעדען ליטעראַרישען טעאטער־שטיק פאראן ליריזם. ער ווערט אבער נישט אויסגעדריקט אין די געוועהנליכע פארמען מיט וועלכע מיר אסאציאירען דעם באגריף „ליריק". דער ביהנע־ליריזם נעמט אן אנדערע פארמען און איז די נשמה פון סיטואציאנען, פון באוועגונגען, פון האנדלונגען. לויט דער אלטער אויפפאסונג האט א שוישפילער געדארפט רעקלאמירען, אויסזינגען זיינע רייד אויף דעם געוויסען שאבלאנעם אופן, באגלייט פון די זעלבע באוועגונגען, אום אויסצודריקען זיינע געפיהלען. דער מאדערנער שוישפילער רעדט איינפאך, מענשליך, און אין דעם לעצטען איז פאראן אונגעהויער מעהר פאעטישער געפיהל. דארטען איז געווען פאעטישע פ א ז ע, דא איז פאראן פאעטישע נ ש מ ה.

אזוי איז אויסגעדריקט געווארען ליעבע, האס און אויפרעגונג אויף דער ביהנע.

— איז מעגליך צו שפילען נאטירליך און קינסטלעריש א דראמא אין פערזען?

— עס ווענדט זיך זעהר פיעל ווי אזוי אזא דראמא איז געשריבען. דאס פארשטעהט איהר דאך אליין אויך זעהר גוט. אויב דאס זיינען פרייע, אדער ווייסע פערזען איז, נאטירליך, נישטא קיין באזונדערע שוועריגקייט צו שפילען אזא שטיק. אויב אבער די דראמא איז געשריבען אין גראמען און דער פאעט נעהמט זיך די געוויסע פריווילעגיעס, וואס דער פאעט איז צו זיי בארעכטיגט אין יעדער אנדער פארם פון דיכטונג, — צוליעב דעם גראם און דעם ספעציעלען ריטם, איז שוין דאמאלט זעהר שווער צו שפיעלען אזא ווערק. מיט די פריווילעגיעס מיין איך בעם צודרעהטען, געקינסטעלטען פערז, וואס מיר טרעפען אזוי אפט אין דער פאעזיע און א היבשע צאהל אונגויטיגע ריין־אמנאמענטאלע ווערטער, וואס ווערען געברויכט בלויז צוליב דעם גראם. ווען דער פערז, אבער, איז א לייכטער און א נאטירליכער וואס קען אויך גערעדט ווערען און נישט נאר רעקלאמירט ווערען, — דאמאלט



זעה איך נישט איין פארוואס אזוינע ווערק זאלען נישט קענען געשפילט ווערען.

— וואס איז אייער מיינונג וועגען דער אינטערפרעטאציע וואס ווערט געוועהנליך געגעבען דער קלאסישער דראמא?

— מעהרסטענס איז די אנגענומענע שאבלאנע אינטערפרעטאציע דורכאויס פאלש. נעמט, צום ביישפיעל, שעקספיער'ס „האמלעט". די זעהר־פאפולערע אויפאסונג איז אויסצושרייען אויסרעקלאמירען די טראגישע פראזען, ווי „זיין אדער נישט זיין". דאס איז די פראגע" און דערגלייכען. דאס איז לחלוטין פאלש און דערגרייכט גאר נישט. דאס פובליקום אין טעאטער ווערט קנאפ־וואס געריהרט דערפון. אבער, ווען דער שוישפילער לעבט זיך אריין אין דעם פאעטישען ווערק, הויבט אן צו רעדען ווי א מענש—מיט הארץ, מיט נשמה, ערשט דאמאלט ווערט אויף דער ביהנע געשאפען די פאעטישע שטימונג, ערשט דאמאלט ציהט ער אריין דעם טעאטער עולם אין זיין גייסטיגער וועלט, אין דער אטמאספערע פון זיינע איבערלעבונגען. אבער ווייט נישט אלע שוישפיעלער בעגרייפען דאס. א היבשע צאהל אקטיארען ווילען שפילען אויף דער ביהנע, אנשטאט ל ע ב ע ן, דורכלעבען די האנדלונגען.

— באמערקט זיך דער איבערגאנג צו דער מאדערנער אינטערפרעטאציע ביי די אידישע שוישפילער?

— אויף וויפיעל איך קען די אידישע שוישפילער, קען איך זאגען, אז איך האב באמערקט צווישען זיי א גאנץ היבשע צאהל מענשען מיט טאלאנט, מיט אינטעליגענץ און פארשטענדניש. זיי האט אבער אימער געפעהלט באזונדערע געשוהלטקיים אין זייערע ראלען. זיי האבען קיינמאל נישט געהאט די מעגליכקייט איינצושטודירען זייערע ראלען אויף אזוי פיעל, אז זיי זאלען אויף דער ביהנע זיך פיהלען אינגאנצען פריי, זיי זאלען זיך קענען אויסטאן פון זייער אייגענעם „איך" און לעבען פאר אונז אלס די באטרעפענדע כאראקטערען, וואס זיי שפיעלען, און ארויסברענגען אויך דאס וואס מיר רופען „פ א ע ז י ע". אז מען נעמט אבער אין אנבעטראכט, ווי אפט פיעסען ווערען געביטען אויף דער אידישער ביהנע און אלע אנדערע אומשטענדען אונטער וועלכע דעם אידישע זאקטיאר קומט אויס צו שפילען, מוז די מיינונג וועגען זיי זיין א גאנץ גינסטיגע.

וואס דענקט איהר וועגען הירשביין'ס פיעסען?

— איך מיין, אז הירשביין איז ד ע ר פ א ר א גרויסער מייסטער פון דראמא, ווייל ער איז אן אמת'ער פאעט. זיינע פיעסען — איך רעד וועגען די פיעסען, וואס האבען איהם לעצטענס באריהמט און באליבט געמאכט — זיינען אפילו מעהר ווי רעאליסטיש — זיי

זיינען נאטוראליסטיש און דאך זיינען זיי פול מיט פאעטישער שעהנקייט. דאס זיינען דראמאטיש־לירישע פאעמען. די סיטואציעס און דער גאנצער אינהאלט פון זיינע פיעסען וואלט ניט געהאט קיין צעהנטעל פון דער באדייטונג וואס זיי האבען, ווען זיי וואלטען נישט געווען דורכגעדרונגען מיט דעם רעאליסטיש־לירישען צויבער, מיט וועלכען זיי צייכנען זיך אזוי אויס. הירשביין'ס גרויסקייט באשטעהט אין דער פעהיגקייט צו קאמבינירען אט־די צוויי עלעמענטען — דעם דראמאטישען און דעם פאעטישען.

— וואס פאר א פלענער האט איהר אלס קונסט־דירעקטאר פון „דאס נייע אידישע טעאטער"?

— איהר וועט מיר ערלויבען אייך צו ענטפערען אויף דער פראגע נישט מיט רייד און פארשפרעכונגען, נאר מיט טהאטען. איך וועל דעריבער וועגען דעם נישט רעדען. פריהער פון אלץ וועל איך טון.

ה. גודעלמאן.

## וועגען א. מ. דילאנ'ס „געלע בלעטער" *)

ס'וועט נישט זיין פאראדאקסאל צו זאגען אז מע לייענט אין ליעדער מעהרסטענס אייגענע פארגעסענע אדער די פאר־זיך־אליין נישט־קלארע, טיעף־אין־זיך־פארבארגענע געפיהלען און שטימונגען.

לייענט, א שטיינער, אזא ליעד:
ס'איז נאכט — אין דרויסען, אין מיין ציטער, אין מיין הארץ.
די שמולקיים רעדט, די שמילקיים וויינט.
די פינסטערניש איז פול מיט לעבעדיגע וועזענס,
וואס גלאצען אין דער פינסטער מיט די אויגען
און מאהנען עפּיס ביי דער נאכט און שרעקען.
עס דאכט זיך דיר — אט־אט און עמיצער
א שווארצער אנגעמון־אין שווארצען וועט
א שפרונג טון איבער דיר,
דיך צו דער ערד אנידערוואַרפען
און איינער וועט ארויפפאלען אויף דיר
און ביינערדיגע פינגער וועלען אין דיין האלז

*) איינגאנצען אויסגעצייכענט פון ז. כאוד, ארויסגעגעבען פון פערלאג „אמעריקא".



זיך טיעף אריינגראבען און ווארגען דיך
און שטיקען, און שטיקען, און שטיקען,
און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער...

אויב איהר ווילט לייענט אט־דאס ליעד נאכאמאל, — לייענט עס מיט דעם נגון, מיט וועלכען יונגע דיכטער לייענען זייערע אייגענע ליעדער, פארטיעפט זיך אין אט־דער נאכט־שטימונג און איהר וועט דערזעהן די שרעקענס־בילדער, וואס לויערן אויף אייך אין דער פינסטערניש פון דער־וועלט, אין דער פינסטערניש פון אייער אייגען צימער, אין דעם חושך פון אייער אייגען הארץ. אויב איהר האט אמאל דורכגעלעבט קאשמארען וועל איך זיך נישט חידוש'ן, אז דאס ליעד וועט אייך דערמאהנען אין זיי. די ערינערונג וועט ביי אייך קומען מיט יענעם געפיהל, וואס איהר האט דעמאלט געהאט, מיט א געפיהל פון וועהטאג, פון שרעק, פון מאכטלאזיגקייט. אויב איהר זענט א זעהר סענזיטיווער מענש, — קענט איהר אפילו ווערען שטארק אפעקטירט פון אזא ערינערט געפיהל און דאס אלץ זאלט איהר צושרייבען צו דעם געלייענטען ליעד — אויב איהר זענט אן אויסלענדער אין לאנד פון פאעזיע.

איהר מוזט געוויינטליך, נישט וויסען, אז דאס ליעד איז געשריבען געווארען אהן דער מינדעסטער אינספיראציע, אהן דעם מינדסטען געפיהל פון שרעק פאר די עמיצערס, וואס גלאצען מיט די אויגען, האבען ביינערדיגע פינגער, שפרינגען ארום אין דער פינסטער און ארבייטען מעשים.

איהר מוזט נישט וויסען, אז דאס ליעד האב איך אליין נאר־וואס פארפאסט אין פערלויף פון א פאר מינוט צו ווייזען, אז יעדער איינער, וואס קען נאר אנשרייבען א ריטמישען זאץ קען אזוינע ליעדער פארפאסען. אויב אבער איהר זענט אן איינגענער, ווייסט איהר דאך זיכער, אז אזוינע ליעדער זיינען אזוי פאפולער אין דער ליטעראטור, ווי לימענעס אין אונזער ציוויליזירטער וועלט, אדער ווי מאראנצען אין שפיטעלער.

און שטעלט זיך פאר, אז א יונגערמאן פארפאסט — צופעליג — אזא ליעד, ווי דאס, וואס איך האב נאר־וואס אנגעשריבען, דערנאך שרייבט ער אן נאך א ליעד אויף דערזעלבער טעמא אין גראמען. ביי א געלעגענהייט לייענט ער פאר די פאר ליעדער פאר א יונגען שריפטשטעלער, אדער דיכטער, וואס האט ליעב צו פראטעזשירען אנפאנגער און מלמד זכות זיין אויף זיי. דער שריפטשטעלער אדער דער דיכטער וועט פארפיהרט אויף א ווייל און דער פארפאסער פון די פאר ליעדער ווערט דערווייל דערמוטיגט און באשליסט, אז ער איז א דיכטער.

פארפאסט ער, „דיכטעט" ער.

קלויבען זיך אָן אין פערלויף פון א 15-10 יאָהר — א פּאָר צעהנדליג אזוינע ליעדער. — גיט ער ארויס א ביכעל.

אזוי שטעל איך מיר פאָר — איז געווען דער פאַל מיט א. מ. דילאָן.

ו

ווען איך האָב צום ערשטען מאָל דורכגעלייענט דאָס ביכעל „געלע בלעטער", — האָב איך זיך נישט געוואָלט אונטערגעבען צו דעם פריקרע געפיהל, וואָס די אכטצעהן ליעדער האָבען ביי מיר ארויסגערופען און איך האָב עס געלייענט נאָך־און־נאָך־און נאָכ־מאָל.

און נישט נאָר האָב איך זיי געלייענט עטליכע מאָל, — כ'האָב זיי כמעט געלערענט, כ'האָב זיי אויסגעזונגען מיט א נגון, כדי אונטערצושרייבען דעם ריטם און זיך אליין אריינצונאָרען אין דילאָן'ס שטימונגען. — נאָר ס'האָט נישט געהאָלפען.

משמעות, אז דער ערשטער איינדרוק איז געווען דער ריכטי־גער.

די אורזאכע פארוואָס איך האָב זיך געמיהט אויסצוגעפינען עפּיס אין די ליעדער איז דאָס, וואָס אין מעהרסטע פון זיי ווערט באהאנדעלט די מיסטעריעזע פלאַג פונ'ם מענשען — דער קאָשמאַר. — די גרעניץ צווישען זין און וואהנזין, די גרעניץ צו וועלכער דער מאָדערנער מענש ווערט אזוי אָפט געבראכט. דילאָן'ען האָט אָבער געפעהלט סיי דער כח זיך אריבערצובויגען איבער דעם אָפּגרונד, וואָס הויבט זיך דאָרט אָן,סיי די פעהיגקייט צו הערזעהן און דערפיהלען די פינסטערע כחות, וואָס לויערן אין יענעם אָפּ־גרונד צו פאַנגען דעם מענשליכען זין און האָבען אזוי אָפט אויף אונז א שליטה.

אנשטאָט צו ברענגען אונז אין דער שטימונג, וואָס זאָל מאכען דערפיהלען דעם וואהנזין, וואָס לויערט אויף אונז האָט ער אונז גע־בראכט אומקלאָרקייטען און פשוט'ן אונזין.

די אומקלאָרקייטען אין די ליעדער פון א סך מאָדערנע ריכ־טער זיינען טאקע די „סתרי תורה", די קבלה פון דער היינטיגער צייט. אָבער דילאַנ'ס אומקלאָרקייטען זיינען נישט מעהר ווי א מיטעל צו פארדעקען די זינלאָזיגקייט, די שטימונגסלאָזיגקייט און ־י אָרימקייט אין פאָרם און אין ריטם.

אָט לייען איך (למשל), אויף דף ו:

„ב'טראָג ארום א טאָרבע געלע בלעטער
און צושיט ביי יעדען שוועל און טיר,
ס'מאכען מענשען צו פאַר שרעק די אויגען



און עמיץ שפיר איך געהט דאָ אונטער מיר.

ער מורמעלט וואָס שפרייטסטו געלע בלעטער?
וואָס מאכסטו טרויעריג און געל אזוי די וועלט?
און איך ענטפער אין א שטילען טרויער:
פרעג ביי גאָט, ביי מענשען, ביי דער וועלט.

וואָס איז דאָס? א שטימונג? א סימבאָל? פאָר מיר בין איך זיך מודה, איז דאָס פּונקט, ווי די מעהרסטע „געלע בלעטער" נישט מעהר, ווי זינלאָזע, שטימונגסלאָזע. פרעטענציעזע פערפאַסונג.

נאָך א ביישפּיעל (דף ד):

„א דאָרן ווערט ביי מיר פארוואנדעלט אין א קוויט,
טראָג איך זיך מיט דערנער אין דער וועלט ארום."

דעם פשט פון די צוויי שורות דאַרף מען, א פּנים, לערנען אזוי: כפי א דאָרן ווערט ביי דילאָן'ען פארוואנדעלט אין א קוויט, ווערט, מסתם, א קוויט ביי איהם פארוואנדעלט אין א דאָרן און אזוי ווי דאָס לעבען גיט איהם, וואהרשיינליך, קוויטען, — טראָגט ער זיך ארום מיט דערנער. ס'קען דאָך נישט געפעלט זיין דאָס לעבען זאָל איהם געבען דערנער, וואָרים ווען דאָס זאָל זיין דער פאַל וואָלט ער זיך ארומגעטראָגען מיט בלומען און זיינע הענט וואָלטען נישט געווען „צעבלוטיגט רויט" און ס'וואָלט זיך נישט געגראמט מיט קוויט.

אדער נעמט אזא סטראָף (דף כא):

עס האָט א הארץ צו א האַרץ זיך געטוליעט. געוויגט (?),
געפלאטערט, גערוישט (?) אין דער לופט, אין דער הויך(?)
אָט צו די הימלען אזוי ווייט, אזוי ברייט (?)
און אָט צו דער ערד אזוי שטיל, אזוי בלייך — (?)

נעמען מיר דעם סטראָף שורה נאָך־שורה:

א הארץ זאָל זיך טוליען צו א הארץ מיינט נאָך עפּיס, אָבער וואָס באַטייט דער אויסדרוק אז א הארץ האָט זיך „געוויגט" צו א הארץ? און וואָס זאָל באַטייטען די צווייטע שורה „געפלאַטערט, גערוישט אין דער לופט, אין דער הויך". ס'איז נישט קיין בילד, וואָס מיר זאָלען אין אונזער פארשטעלונג קענען פארבינדען מיט'ן פלאַטער'ען פון א הארץ. און פארוואָס אז „צו די הימלען אזוי ווייט אזוי ברייט" און „צו דער ערד אזוי שטיל, אזוי בלייך." מיר וואָלטען איהם שוין מוחל געווען די לאָגיק, ווען ס'זאָל זיין א פּאָעטיש־אימפּרעסיאָניסטישער באַגריף, אדער א בילד, וואָס זאָל געבען אנ'אנצוהערעניש אויף שטימונג, וואָס איז די איינציגע פרעטענציעס פון אזוינע ליעדער. אָבער וויפיעל איהר זאָלט זיך נישט מיהען וועט איהר קיין שפּור דערפון נישט ענטדעקען

אין דעם סטראָף. ס'איז בלויז א רייהע צופעליגע ווערטער, באנאל־צונויפגעשריבענע אין שלעכטען ריטם, ווי אין די מעהרסטע פון זיינע ליעדער.

ערטערווייז טרעפט מען אפילו א פיינע סוגעסטירענדע פּראזע, ווי —

„כ'שלאָף אין פארק צונויפגעקאָרטשעט אויף דער האַרטער ערד,
כ'פיהל די הארטקייט פון דער גאנצער וועלט"—

אדער (וועגען א געשטאַלט אין דער פינסטער)—

„אָט פליהט זי נאָך די קלאנגען נאָך
פליהט; און פליהענדיג
דרעהט זי א ווייסע רויז ארום איהר קאָפּ."

וואונדערט מען זיך טאקע — ווי קומען זיי אהער? — דער־מאהנט מען זיך — פארט יאהרענלאנג געלעבט צווישען פּאָעטען.

אדער אזעלכע שורות ווי —

„פארשפּיעלט איז שוין דאָס לעבען,
פארשפּיעלט איז שוין דער טויט."

ווען א דיכטער האָט זיין לעבען פארשפּיעלט און האָט אין טויט — אין אויפלעזונג — געזעהן זיין דערלעזונג; ווען ער האָט זיך דערטרוימט צו זעהן דעם טויט אלס ליכטיג געשטאַלט, אין וועמעס כשוף'דיג לייכטע און ליכטיגע אָרעמס ער קען זיך אויפלעזען, ווייל עס ציהט איהם צו דער געשטאַלט, „אזוי ווי עס ציהט א פאר־בענקטען אין אָווענד צום פענסטער פון זיינס א פארהייליגטער פרוי" (נישט א. מ. דילאָן, נאָר אנ'אנדער דיכטער), אויב א זא דיכטער וואָלט געזאָגט „פארשפּיעלט איז אויך דער טויט", וואָלט עס געווען דער אויסדרוק פון דער טיעפסטער טראגעדיע. די טראַ־געדיע פון איינעם, וואָס האָט געזעהן זיין טרוימגעשטאַלט, זיין שכינה, געגאַרט אין איהר זיך אויפצולעזען און זי האָט זיך פון איהם אָפּגעטאָן. ביי דילאָן'ען אָבער איז דאָס נישט מעהר ווי א ווייטע, בלאַסע אָנצוהערעניש.

נישט מעהר ווי שאַבלאָנער, שוין־טויזענד־מאָל־געברויכטער פּאָעטישער „סטאַק".

קומען אין דער דיכטונג צו וואָהנ־זין איז א גרויסער טראגישער נסיון און א גרויסע מדרגה; קומען אין שרייבען צו אונזין, אונטער דער פּרעטענזיע פון מאָדערניזם, איז א גאנץ־געוועהנלי־כע זאך אין אונזער צייט.

ל. קרישטאָל.

## ווי אזוי שטעהט ראַרט אין פרק

רצה הקרוש ברוך הוא לזכות — גאָט האָט געוואָלט א טובה טוהן טוביה׳ן. נעהמט ער און בענשט איהם מיט זיעבען קינדער. נקבות, טעלטער הייסט עס. אלע אויסגעשפּילטע, געראָטענע, קלוגע פון שעהנע, פרישע, נעזונטע. איך זאג אייך — סאָסנעס ! אוי, הלואי וואָלטען זיי געווען מיאוס׳ע, פּאַסקודניצעס, וואָלט אפשר געווען בעסער פאַר זיי און געזונטער פאַר מיר. ווארום, וואָס קומט ארויס, איך בעט אייך, פון א גוט פערדעל, אז סע שטעהט אין שטאַל.

ראָס איז אפשר ניט קיין פּאָעזיע, אבער אמת הארציגע ווער־ ־ער פון „טוביה דער מילכינער“, וועלכען אונזער גרעסטער פאָלקס־ ריכטער, אונזער קיינמאָל ניט פאַרגעסענער שלום עליכם, האָט אזוי קינסטלעריש באַשאַפען.

**פרייטאג אווענט, דעם 29טען אויגוסט**

וועט מען אין

**אורווינג פּלייס טעאַטער**

שפּיעלען

# „טביה דער מילכיגער״

געשפּיעלט וועט עס ווערען צום ערשטען מאָל פאַר די שנאַרער.

סעפּטעמבער, 1919 פּרייז 15 סענט.




מאנאטליכער זשורנאל
פאר לידער און קריטיק

רעדאקטירט פון ה. גודעלמאן.



יעהרליך $1.50
האלב יעהרליך 80 סענט.

---

# דאס נייע אידישע טעאטער

(27טע גאס און מעריסאן עוועניו)

# איינזאמע מענשען

פון

**גערארד הויפטמאן**

רעזשעסירט פון

**עמאנועל רייכער**

**צום ערשטען מאל !** **צום ערשטען מאל !**

פאר דער

# „פאעזיע"

# דינסטאג אווענט

**אקטאבער דעם 14טען**

בילעטען צו באקומען אין קאסע פון טעאטער און אין די קלוב צימערען פון די „שנארער", 113 א. 10טע גאס. ערשטען שטאק.

# לידער

א.

כ'האָב געזעהען טויזענד ווייסע נעכט אין מיינע יאָהרען,
נאָר די איינע לעבט ביז היינט אין מיין זכרון :
ס'איז די טיר פון אונזער הויז געשטאַנען אָפען
און דער שאָטען פון א יאַסינע איז ביי מיין זייט געשלאָפען.

איז א ווינט אין יענער נאכט אריין צו אונז אין הויז,
פארטשעפּעט זיך, געריסען זיך, און נישט געקענט ארויס ;
האָט ער געוויהעט און געוויינט ביז ס'האָט דער מאָרגען
זיך אוועקגעזעצט אויף איהם און איהם דערוואָרגען.

ב.

מיט דער לייכטקייט, אין די היפטען, פון א זאנג ;
מיט דער זיכערקייט פון טייכען אין איהר גאנג ;
מיט די לאכעדיגע האָר, מיט די וואונדערליכע אויגען —
גאָט, פאר וואָס איז זי פון אונז אוועקגעפלויגען !

ס'האָט דער מאָן געגליהט אין אונזער צייטיג קאָרן ;
ס'גאָלדען הארין האָט טראָפּענווייז געטריפט פון פאָמידאָרען ;
ס'האָט דער ארבעס שוין געקלעטערט אויף די שטאַנגען,
ווען זי איז אין א מיטען נאכט פון אונז אוועקגעגאנגען.

ס'איז געפאָהרען צו דעם קאָצקער פרעגען גאָט'ס כונה,
נאָר דעם סוד האָט בלויז געוואוסט די באַן און די לבנה...
ביידע פלעגען קומען יעדען אויף דער נאכט —
זי האָט קיינע פון זיי ביידען נישט צוריקגעבראכט.

ס'איז דער וואלד געוואָרען נאקעטער מיט יעדען טרייסעל,
ס'האָט ארומגעטראָגען זיינע בלעטער שוין די ווייסעל,
ס'האָט דער ווינט די גראָע וועגען שוין געשמיסען,
ווען מיר אלע האָבען קריעה יענעם יאָהר געריסען.

ג.

ייגט באגינגען איז אין פייכטען טאָך,
נישט ווייט פון מיין געלעגער אויפ'ן גראָז,
געלעגען מיט א לאָך
אין קאָפּ א טויטער האָז.
כ'בין געזעסען און געטראכט:
„מאָדנע זאכען זעהט א זומער-נאכט...״
דערנאָך האָב איך פון דעם א ליעד געמאכט,
און זינגענדיג עס אויפ'ן קול
בין איך אראָפּ אין טאָל.

איך זיין אין וואלד אצינט
און הער ווי ס'רוישט דער ווינט,
און ווי א דראָסעל זינגט,
און ווי א זשאבע שפּרינגט
אין שטראָם אריין, און ווי
א מאמע טויב געוועהנט איהרע פּיצאלע צום פליה.
ארום מיר שמעקט מיט ווינט און רעגען,
מיט סמאָלע פון די וועגען,
מיט זון און ערד
מיט אלעם דעם וואָס פלאָנטערט זיך ביי וועלדער אין די בערד
נאָר אין מיר צאפּעלט זיך די גאנצע צייט
און אונרו פון דעם בילד,
ווי ס'איז דער טויט געלעגען ביי מיין זייט
א גאנצע נאכט,
א גאנצע נאכט,
אין זעלבען שטערענשיין פארהילט.

ד.

עס בייטשט די נאכט א קאלטער, שטעכעדיגער רעגען;
עס לויפט ארום א משוגענער ווינט אויף די וועגען
און זעצט אין א פויק —
בורזו... בורזום...

א גאנצען טאָג איז געפלאָסען מיר גראָ דאָס בלוט,
נאָר אצינט איז מיר גוט.
אצינט איז אלץ שוין גוט...



כ'על ארוים אויפ'ן פעלד און מיך לייגען
מיט די בלעטער און צווייגען;
און וואָס עס וועט ווערען פון זיי דער שיעור,
דאָס זאָל ווערען פון מיר.

כ'על ליגען און גארנישט זעהן, און גארנישט הערען
גארנישט פיהלען און גארנישט קלערען,
און בישלעכווייז אזוי נישט-ווערען.

בנימין פינקעל.

# לידער

א.

ס'האָט עמיצער דאָס רויטע שטיבעלע פארלוירען דאָ,
זיך שפּילענדיג אין א פארנאכטיג זומערדיגער שעה;
און אפשר האָט א וואָגלער זיך געבויט דאָ א שלאָס,
ניט וויסענדיג אליין צו וואָס?
און איינגעשפּארט האָט ער זיך דאָ אליין
און אויך זיין פרייען גייסט צו וואנדערען און געהן.

און אפשר האָט א טרוימער זיך באשאפען אין זיין טרוים
א שטיבעלע אזא, ביים סאמע הימעל-זוים,
אין כוואליעדיגען גערשטען, אין אָפּשיין-רויטען מאָהן,
וואו ציטערדיג דאָס ווינטעל זאָגט דעם אויפשיין אָן?
און אייביג וועט ער בייגקען, זוכענדיג זיין טרוים-געבוי
און קיינמאָל ניט געפינען זוכענדיג אזוי.

און אפשר איז דאָס שטיבעלע פאר מיר אליין געגרייט,
און אינווייניג דאָרט וואַרט אויף מיר א רוהיג שטיקעל ברויט,
א גוט געלעגער, אויסגעבעטן פון א געטרייער האנט,
א ליכטיגע ניט-שרעקענדיגע וואנט?

דאָס רויטע שטיבעלע דאָ צווישען פעלד און ביים
פאר וועמען, זאָג, פאר וועמען איז געגרייט?

ב.

מיר האָבען זיך פארלאָרען, זוכענדיג דאָס גליק
און קרום, און שטייניג איז דער וועג צוריק.
און וואָס איז דער צוריק פאר אונז, פארלאָרענע ?
אן אָפּעגבּרענטער, דאָרענדיגער וועג,
פארגאנגענע און אָפּגעשיינטע טעג, —
פאר אונז, געוועזענע און גאָרנישט ניט געוואָרענע.

און אפשר ניט דאָס גליק האָט אונזער וועג פארברענט,
נאָר מיר אליין מיט אונזערע ניט וויסענדיגע הענט ?
געטראָגען דעם פארגאנג אינאיינעם מיט חלומות ניט געבאָרענע,
אינאיינעם מיט'ן אָנהויב די ענדע אויך געשפּינט,
געיאָגט זיך, ליכט פארבלענדטע, נאָכ'ן ווינט
און באלד געווען פארלאָרענע, פארלאָרענע, פארלאָרענע...

ג.

פון פאָרענט קומט די זון,
פון הינטער מיר די פרייד ;
און ביי די זייטען דער טילטאן
נעקרייזעלט רוהיג שטעהט.

א גאָלדען בליאסק פון זון,
א ציטער פון טילטאָן,
ס'ווערט ציטערדיג צושפּרייט
דער נאכטיגער טומאן.

מיין קאָסע איז געשארפט,
מיט וואסער פיל מיין דזשאר,
די זון געהט אויף היינט רויט,
וועט היים זיין היינט דערפאר.

וועט טריק'נען דער טילטאן,
פון הייסער זון געברענט, —
אָ, ברוינג כאָטש, נאָט, א פרישען ווינט
און שטארק מיר מיינע הענט.

אפרים אויערבאך.



## פלאמטאלין

פלאמטאלין — —
דו, לאנד פון מיין אייגענעם שנעון !
אויף דיינע לאנגאָניגע דאכבעס
טאנצען אום,
פאר'כשופ'ט,
די סקעלעטען פון מיינע געדאנקען — — —
און איך —
געבלענדט פון דיין האלוצינאצישער רויטקייט —
שטעה א פארוווירטער,
ביי דעם גליהענדען ראנד
פון דיין פאטומלאָזען אָפּגרונט ;
און קוק אראָפּ
אויף א פאנאָראמע
פון בלישצענדיגע זילבער־שפּיגלען
פון מיין פוסטקייט.
— — — — — — — — — — — —
פלאמטאלין — — —
דו, לאנד פון אייביגען שנעון !
איך קום אלץ נענטער,
נענטער ;
און באלד
וועט זיך מיין סאנגווינישע בלוט
באהעפטען
מיט דיין האלוצינאצישער רויטקייט — —
און עס וועלען זיך שוטים
צעלאכען.

## דו, גען...

דו, גען פון מיינע פארלאנגען !
אויף די ווינטען פון עקסטאז
האָסטו מיך —
א יונגען ריעז —
געפירט,
ווי א לעמפערט אין געפאנג.
דיינע עראטישע פאנטאָמען

חאָבען מיין ווילדקייט
ווילדער נאָך געמאכט.
איך בין דער אומזין
פון דיינע קאַפּריזען!
פאר דיינע פייערדיגע זיילען,
וואָס דו האָסט אָנגעצונדען
אין די שווארצע קאנדעליאברעס
פון דיין העל־בלויען רוים, —
לעשט זיך דאָס ליכט
פון מיינע אויגען.
איך בין א שטאפּעט,
פון אן אלטען, בייזען פּרינץ,
וואָס גאלאָפּירט
אויף א שאָסיי
פון פאר׳סם׳טע עספּאראַנען.
און ברייננ, זיך אליין,
די בשורה פון׳מיין אונטערגאנג.

ב ע ר נ א ר ד   ל ו א י ס

## ל י ד ע ר

א.

געבענשט זאָל זיין דער טרויער פון די אויגען דיינע,
וואָס לייטערט אוים די פינסטערניש אין מיר;
געבענשט זאָל זיין דער נעבעל אויף די וועגען מיינע,
וואָס ווערט נאָך גרויער,
נעבעלדיגער צוליעב דיר.

היינט האָב איך וויינענדיג א האנט פול שווארצע ערד
אין מיטען פעלד א שטילען קוש געגעבען.
דער טרויער שטארבט, דער נעבעל געהט אוועק.
די ערד בלייבט לעבען..

ב.

דערמאָן איהר נאָמען ניט אין מיטען נאכט, מיין פריינד, —
בעהיט דיך גאָט פאר לייט מיט בייזע אויערען.
בויג אן דיין קאָפּ
און העלף דער בענקשאפט דיינער זיך באטרויערען
צום טרויער פון דעם פראָסטען ווייסען העמד,



וואָס וויינט אויף איהר
צום טרויער פון די אויגען איהרע ליכטיגע,
וואָס קוקען צו דער טיר,
ווען דו פערשפּיעלסט די נעכט דיינע אין קאַרטען.

זיי גוט צו מיר, מיין פריינד.
ווי דו בין איך אנ׳אומגליקליך־פארלוירענער.
קום גיב דיין האנט און לאָמיר געהן צום ים
און זוכען ביי די ברעגען.
איך וויים — זי האָט אמאָל פארגראָבען גאָלד אין זאמד
פון דיינעטוועגען,
דאָס גאָלד איז פון א שיף, וואָס וועט זיך קיינמאָל מעהר
ניט אומקערען אהער,
נאָר אויף דעם גאָלד ליגט נאָך דאָס ליכט פון יענער האנט
וואָס שטרעקט זיך איצט פון שלאָף צו דיר אנטקעגען
צו פיהרען דיך -- צו היטען דיך
אויף דיינע בייזע וועגען.

מ. ל. האלפּערן.

## עלאַדעאָ

גלעקלעך פון גאָלד,
גלעקלעך פון גאָלד,
קלאַנגען פון זון־אָראנזש־גאָלד;
א מעשה וואָס האָט געזאָלט,
א מעשה, וואָס האָט געזאָלט זיין,
און ניט געווען.

ווער האָט אין די לאנגע, באנגע נעכט,
ווער האָט אין די גרויע רויע טעג
געטרוימט פון עלאדעא׳ן?
ווער האָט אין די לאנגע, באנגע נעכט,
ווער האָט אין די גרויע, רויע טעג
געבעטען צו עלאדעא׳ן:
עלאדעאָ, עלאָדעאָ,
הער מיך צו!
עלאדעאָ, עלאָדעאָ,

גאָר דער וועלט — גאָר די וועלט,
מיר — בלויז דו !
עלאַדרעאַ, עלאַדרעאַ,
ענג די שטוב, און פרעמד די גאס, און זעה :
איך שפאַן און שפּאַן ;
עלאַדרעאַ, עלאַדרעאַ,
ברענג דעם טאַליסמאַן !
עלאַדרעאַ, עלאַדרעאַ,
קום, ערשיין !
עלאַדרעאַ, עלאַדרעאַ,
וואָס וואָלט זיין,
אָה, וואָס וואָלט געקאָנט פון מיר אליין זיין
מיט דיין גאָלד,
מיט דיין זון־און־אַראנזש־גאָלד !
ווער האָט אזוי געבעטען ?
און ווער האָט געצייכענט אין זאמד,
און באַשריבען אלע פאפירען,
און באַקריידט אויך אלע טירען
מיט דעם נאָמען :
עלאַדרעאַ, עלאַדרעאַ ?

קומט, בעטער, צו מיר.
מיר וועלען געהן צום טייך,
צום גרויסען, הייליגען טייך,
וואו עס שפיגעלט זיך דאָס גאָלד,
דאָס זון־און־אַראנזש גאָלד
פון עלאַדרעאַ'ן.
מיר וועלען שטעהן ביים טייך
וואו עס איז צעגאָסען דאָס גאָלד,
צעפלאָסען דאָס העלע גאָלד
פון עלאַדרעאַן ;
און מיר וועלען ווארפען אין טייך
דאָס גאנצע צירונג אונזערס :
אמעטיסטען פון געקאָנט ;
רובינען פון געדארפט ;
טאָפּאזען פון געזאָלט, פון געזאָלט פון געזאָלט...

מיר וועלען זיך דאן שטעלען אויף די קניה,
און געבען זיך די הענד



און זינגען שטיל און לאנג,
און זינגען לאנג און באנג,
דעם דאָזינגען געזאנג :

גלעקלעך פון גאָלד,
גלעקלעך פון גאָלד,
קלאנגען פון זון־אַראנזש גאָלד ;
א מעשה וואָס האָט געזאָלט,
א מעשה וואָס האָט געזאָלט זיין,
און ניט געווען...

א. לעיעלעס.

## שטאָט

א.

האָט זיך מיין בלייכקייט געלייגט אויף די גאסען,
סלופּעס פון טעלעגראף אין שטאָט
האָבען גע'חלש'ט פאר מיינע אויגען.
די ביינער מיינע זענען לעער געווען
און פויגעל־גרינג בין איך,
ווי אויף פרעמדע פיס געטראָגען געוואָרען.
דורך די פארלאָפענע אויגען מיינע
האָט די שטאָט גע'חלש'ט.
דער שטאָט געשריי איז א פערגליווערטער
אין לופט געהאָנגען.

ב.

פלוצים האָט א האנד מיך א וואָרף געטאָן
א פאר'חלש'טען אין מיטען מארק.
איבער מיר האָבען מענשען געשפרייזט
און ס'האָט ווי בינען געזשומעט
זייער פיעלקעהלדיגער געשריי.
ווי דראָטען זענען מיינע גלידער געוואָרען.
צוויי גרויסע אויערען זענען נור
אויף דר'ערד געלעגען
און ס'האָט אדורכגעגעבערט א געשריי :
הו, הו; הו, הא. הו, הו, הו, הא.

ג.

ווער האט מיר מיטאמאל
אזא קרעפטיגען שטוים געטאן
אז ס'האט מיט מיר גענומען,
ווי מיט א דרעדעל, דרעהען.
מאכטלאז בין איך געווען
דעם ריעזען שטוים בייקומען ;
האב איך זיך א צופרידענער
נאך מיין אייגענעם דרעהען געגומען יאגען.
זענען אזוי יארען
אין היסטערישען דרעהען פארשוואונדען.
און האב איך אויף א רגע נור
געוואלט דעם אטעם כאפען,
האט אלעם גע'חלש'ט פאר מיינע אויגען
און דער שטאט-הו-הא איז א געשטארבענער
געהאנגען אין דער לופט.

## א תפילה

דער רויש פון דיין מאנטעל-זוים בין איך,
אה, בראהמא !
דער עכא פון דיין נגון אין א זון-פארגאנג.
דיין חלום אין א נעפעל-נאכט.
דו האסט, אי מיך,
אי דאס וואסעריל, וואס שפיגעלט אפ מיך,
אויסגעטראכט —
אין א נעפעל-נאכט.
א זייפען-בלאז האסטו מיך אויף דער וועלט אראפגעשיקט,
אה, בראהמא !
פלאצען וועט דער זייפען-בלאז א מאל.
אויסשפינען וועט זיך דער חלום אמאל.
זאל מיך דיין קאפריזנער מח
מעהר ניט חלום'ען, אה, בראהמא !

יעקב גלאטשטיין.



## ליכט און שאטען

(פאעמא)

ז.

חלום'ט זיך מיר :
וויגען זיך די שאטענס אויפ'ן שווארצען אונטערגרונד;
ווערען ביסלעכווייז אלץ העל און העלער ; פארמלאזע דרעהען זיי זיך שנעלער און שנעלער —
ביז זיי גיסען זיך צונויף אין דיין געשטאלט.
אט שטעהסטו שוין נאהענט. אט ביסטו שוין הינטער מיינע פלייצעס.
איך פיהל דיין אטהעם אויף מיין האלז.
איך וויל זיך א קער טון צו דיר און דיך נעמען ביים האנט.
מיר ווילט זיך דיר זאגען עפיס אזוינס, וואס איך האב דיר נאך קיינמאל נעזאגט.
אט גיט שוין דער קאפ זיך א הויב :
ער הויבט אן אבער פלוצים אדונטערצוזינקען...
מיר דוכט זיך :
מיט אויגען פארמאכטע זיץ איך אין שטול — פונקט ווי קיינער וואלט אין הויז ניט געווען.
דו שטעהסט הינטער מיר.
אלעס אין הויז פיהלט און זעהט דיך : האט דיין אטהעם אויף זיך.
וועקט דיין אטהעם מיך !
— „הויב אויף דיין קאפ, שטרעק אויס דיין האנט, — איך וואַרט !"
קען איך דאס שווייגען ניט אויסהאלטען מעהר.
האסטיג גיב איך פון שטול זיך א הויב, דרעה איך אוים מיט'ן פנים צו דיר, און מיין מויל וויל ארויסזאגען דאס, וואס איך האב קיינמאל נעזאגט.
טוט מארנע א ציטער דיין גאנצע געזיכט ; דיינע אויגען טוען מיט וועהטאג א בליץ, דו שפרונגסט פון מיר אפ א פאר טריט און לאזט זיך אויפ'ן סאפע אראפ.
א ווייל. איז שטיל.
— „בין איך אפשר געקומען צו שפעט ?"
— שפעט ? איך וויים ניט... אפשר.
— זאל איך אפשר אוועקגעהן ?

— אוועקגעהן ? וואס ביסטו אין גאנצען געקומען ?
— מיר האט זיך גערוכט אז דו רופסט מיך.
א טעות געהאט !"

א פארשעמטער הויבסטו פון סאפע זיך אויף און מיט וואקלענדע טריט לאזטו געהן זיך צום טיר.

איך פארלויף דיר דעם וועג ; כאפ דיך אן פאר'ן האנט און שטאמעל מיט בענקשאפט :

— „געה ניט, געה ניט !"

דיין פנים שטראהלט אויף ; דייגע ברעמען הויבען זיך העכער און העכער.

— „זיי א גאסט איצט ביי מיר, איך וועל געבען דיר טיי".

— „שוין דריי איצט דער זייגער". שטעלסטו מיך אפ, „שוין דריי ביי דער נאכט !"

— „שוין דריי ביי דער נאכט ?"

ענטפערסטו שמייכלענדיג : „דריי ביי דער נאכט ! ווילסט איך זאל אלע נאכט קומען צו דיר ? — דריי ביי דער נאכט ?"

איך מערק אין די ווינקלען פון דיינע ליפען א ציניש׳ען שמייכעל — מיט א מאל ווערט מיר קאלט — — —

שטיל און ציטערדיג זאג איך ארויס : „מענסט געהן...."

— — — — — — — — — — — — — —

קוק איך פארשטיינערט פון שטול אויף דיין פנים. זעה איך ווי א טויטער בלאסער שיין לאנגזאם צושפרייט זיך, צוגיסט זיך איבער דיין גאנצען געשטאלט ;
ווערסט פארוואנדעלט אין א גרויסען בלייכען פלעק...

אט נעמט ער ציטערען ; ווערט אלץ קלענער און קלענער — קוים איהם צו באמערקען...
פינסטער געווארען....

---

שטילע אבענד־שאטענס הילען מיינע לויפענדיג טריט.

מיין שוואכקייט איז צו שטארק געווארען — טראגט זי מיך, א הילפלאזע, צו דיר.

דורך די טונקעלע גאסען טראגט זיך מיין געשטאלט, און די ליפען מורמלען ווי פאר זיך :

„איך קום, איך קום !"

וואס נעהנטער איך קום אבער צום הויז — ווערט מיין האסטיגער געלויף אלץ שוואכער — —

עפעס שרעקט מיך אפ און פארהאלט מיר מיינע טריט...
לאנגזאם קום איך צו צום הויז.



לאנגזאם הויב איך זיך פון שטיג אויף שטיג.
אט טאפ איך אין דער פינסטער אן דיין טיר.
א רייף אן אייזערנע דריקט פעסט מיר מייגע שלייפען...
וואנדערט אום די האנט פון זיך אליין איבער דער טיר — וואנדערט, גראבעלט זיך און רייסט זיך אפ צוריק —
פלוצים הער איך פעסטע טריט וואס לאזען זיך צום טיר.
האט מיין פינגער דען דאס גלעקיל אנגעריהרט ? האב איך דען א קלינג געטון ?
נעהנטער קומען אלץ די טריט —
ס'איז דיינע טריט — ס'איז דיינע טריט — — —
קלאפט אין מוח, קלאפט און דריקט — — —
אוין רגע נאך — — — — — — — —

**אירא גלאזער.**

(ענדע)

# מאדנע

א.

מאדנע,
איך — א מענש אן אלטעגליכער,
וואס געהט עטליכע מאל דורך דער וואך
אין קינעמאטאגראף,
אין וואדעוויל,
אין בורלעסק,
האב זיך פארבענקט
נאך דיר — נאך יענעם טייל פון מיין איך
וואס וואנדערט ארום פון איין ארט צום צווייטען,
און צאפעלט זיך אין שטילען בין השמשות,
און פרעהט זיך ביז'ן העכסטען עקסטאז
ביים מינדעסטען פליטער־פלאטער פון דיין קלייד ;
און טרויערט
אין דער קלענסטער אפוועזענהיים דיינער.

פון אלע זייטען צינדען זיך פייערען,
בלויע, רויטע ;
פון טשאפ־סואי פענסטער
הערען זיך מאנאטאנע טענער פון כינעזישע ראמאנסען,

אין די קעלערען רעג-טיים לידער,
פון אן אנדער זייט קלויסטער-גלאָקען,
אלול-מעלאָדיען. —
און איך — א מענש אן אלטעגליכער,
א פשוט'ער,
מיט אלטעגליכע פארלאנגען,
האָב זיך פארבענקט
נאָך דיר — נאָך יענעם טייל פון מיין איך,
וואָס דערפרעהט זיך
ביים מינדעסטען פליטער-פלאַטער פון דיין קלייד,
און טרויערט
אין דער קלענסטער אפוועזענהייט דיינער.

ב.

איך בין געזעסען אין רעסטאָראַן,
און הינך מיין קאָפ האָבען זיך דורכגעטראָגען
יאָהרהונדערטער — — —
ביזט אריינגעקומען,
און איינער האָט אונז באקאנט,
און איך האָב זיך לייכט פארניינט.
דיין פליטער-פלאטערדיגער בליק האָט מיך
דורכגעדרונגען, —
און איך — א מענש,
וואָס טראָגט אין זיך חלומות פון דורות ;
איך — דאָס פארגעהן פון דאָס אלטע,
איך — דער אָנהויב פון דאָס נייע,
איך — וואָס האָב דיך אויסגעטראכט,
אריינגעבלאָזען אָטעם אין דיר,
און דיך א טייל פון מיין וועלט געמאכט, —
איך האָב זיך פארלוירען, —
מאַדנע.

א. ניסענזאָן.



## וועגען געבעקס

נאָך א לאנגער צוטומעלטער רייזע
צווישען אויסגעלאסענער פראנצויזישער פאסטרי,
געשווינדעלטען לעקאך
און לעצטע ערפינדונגען פון זיס-בעקעריי,
בין איך אָנגעקומען אין דעם שטילען דארף,
וואָס רופט זיך : ברויט מיט פוטער.

איצטער זעה איך נישט אין חלום מעהר
קיין שאנסאָנעטקעס אין פליטער-קליידער,
אונטער פייערען פון פורפור, גרין און געל.
איצטער שלאָף איך אין מיין שלאָף אין טיעפען קארן,
ווינש מיר איך זאָל לעבען הונדערט צוואנציג יאָהר,
הער ווי ס'מעקען אין דער ווייטענס קיה, און קעלבער,
זעה ווי אויפ'ן שליאך געהט א יונגעל,
טראָגט א קאן מיט מילך און א גאסע שמאָטע
און קוקט, ווי ס'טאנצט איהם פאר דער נאָז
א רויט-ברוין זומער-פייגעלע, וואָס זעהט אויס
ווי פון זיידענס אויסגעהעפט
און פון זון און ווינט געטראָגען,
און עס געהט פארראָצט — דאָס יונגעל.

ווען גאָט זאָל געבען,
מיין נשמה זאָל זיך נאָר בערוהיגען,
וועל איך מיר לאָזען אויסשרייבען
מיינע בירגערפאפירען אויף פארמעט,
אין דעם שטילען דארף, וואָס רופט זיך :
ברויט מיט פוטער.

## לעווית'ס טאַבאַק

זעכצען מענשען האָבען מיר געאקערט
דאָס טאבאק-פעלד,
(דעם לעצטען פון די עלף אקער קוקורוזע
האָבען מיר אין צווייען, איך און פרעד טאָמפסאָן,
היינט און דער פריה געענדיגט)
אימעצער האָט אויפ'ן פאלצעט אָנגעהויבען זינגען

אנ'אַמעריקאניש גאסען-לידעל,
וואָס דער יודישער בחור בערלין האָט פאַרפאסט
און געמאכט דערפון א האלבען מיליאָן דאָלאר.
די ווערטער זיינען נאריש, טיילווייז גראָב,
נאָר דער נגון גיסט זיך זאַנפטיג
און זעכצען אקעראייזענס באַבערגלען ווייך דעם טאַבאַק,
זינגענדיג דאָס גוי'אישע לידעל
מיט דעם יודישען נגון.
זעכצען אקעראייזענס — זעכצען אומאָפּהענגיגע מענשען.
פאר ווייניגער פון צוויי מיט א האלבען דאָלאר א טאָג
ארבייט קיינער נים,
ארויף און אראָפּ און ארום און ארום —
דער האוואנא-טאבאק איז געראטען,
מאָרגען מאכען מיר גרייט די שייערען,
אין צעהן צוועלף טעג ארום וועלען מיר שניידען.
הינטער'ן זעקסטען שייער מיט די אָפּענע פליגלען
האָבען מיר אָנגעהויבען,
און איצטער האלטען מיר שוין ביי מיסטער לעווים'ס הויז.
— העי, דזשאני, ריים דאָרטען אָפּ זעכצען עפּעל.
ברענג ארוים א עמער וואסער מיט דער שעפּ פונ'ם-הויז.
און בעט ביי מיסעס לעווים א גרויס שטיק אייז.
— העי, דזשאני, פארגעס נישט דאָרט צו זעהן, ווי שפּעט ס'איז.
זעכצען אקער-אייזענס — זעכצען אומאָפּהענגיגע מענשען.
זעכצען האָבען מיר געאקערט
דאָס טאבאק-פעלד.

## יונגע ליבע

היינט באַגינען האָט ביי מיר אין שטוב
פארשמעקט מיט יונגער ליבע.
מיט קלאָרע אויגען און א גליקליך הארץ
בין איך אראָפּ פון מיין רייך געלעגער
און ארויסגעלענט זיך פון אָפּענעם פענסטער,
וואָס איז ארוים צום מזרח און צום וואלד.
מיין בליהענדיג מיידעל-ווייב שלאָפט נאָך
און אטעמט מיט טהוי-געוואשענער מאָרגענלופט



און מיינע זיסע אָוועגט-רייד.
איך נעם אריין מיין קאָפּ צוריק אין שטוב,
קוק מיך אום און אטעם טיעף —
און נייע אומבאקאנטע פריידען קלאַפּען אָן
מיט פיינע גאָלדענע העמערלאך
אין מיין יעדען פולבלוטיגען אָדער.
גאָט אין הימעל, עס שמעקט דאָך דאָ ביי מיר
מיט יונגער ליבע,
מיין מיידעל-ווייב עפענט אויף די אויגען,
קוקט מיך גליקליך אָן און צו מיר זיך שטרעקענדיג
זאָגט זי: ליבער, ליבער, ליבער,
פארוואָס האָסטו אזוי פריה
מיך געלאָזט אליין אויפ'ן געלעגער ?
און גליקליך לאכענדיג דערצעהל איך איהר,
אז מיך האָט אויפגעוועקט א ריח פון יונגער ליבע.
— ליבער, ליבער, ליבער, — און איהר קול קלינגט מיר
ווי איילבערטען וואָס פאלען אויף גאָלדענע טאצען —
דו זאָגסט א הייליגען אמת. ביי אונז אין שטוב
פארשמעקט מיט יונגער ליבע.
געמיינט האָבען מיר, מיין גרויסער ליבער
אז די לאסט פון אונזער יודיש לעבען
וועט אונז פארלאָקען אויף א ווינטער-פעלד,
וואו מיר וועלען אומגעהן
מיט'ן ארון פון אונזער ליבע אויף די אקסלען.
אָבער ביידע זיינען מיר יונג און יודיש
און אין אונזער נייער, שעהנער שטוב
פארשמעקט מיט יונגער ליבע.

מ א ר ק  ש ו ו י י ד.

## צווייפעל מיינער : —

צווייפעל מיינער : —
לאָז מיך אָפּ,
לאָז ! — — —
וועל איך איינוויקלען מיין לייב אין תכלת
און מיין קאָפּ —
אין תפילין פון רבינו תם :
וועל א פרוש ווערען
און וואַרטען
אויף דער גליקליכער מינוט
ווען ס'וועט מיין שטערען פאַלען —
און געבען מיר זיין אָרט.
אָדער: — — — —
איך וועל נעמען אלע גאָט'ס געבאָט
און צוריקגעבען מיין ייִדען.
מיינע לאנג פארשימעלטע רצועות
וועל איך אויף שיך־שנירלאך צעשניידען ! —
און געבען צו מיין יונגען זוהן.
צווייפעל מיינער : —
לאָז מיך אָפּ,
לאָז ! — — —

## אין מיין חדר'ל...

אין מיין חדר'ל וואלגערען זיך פר'משפט'ע נשמות...
אין מיין רויך־פאַרקנוילטען חדר'ל טרויערען די גייסטער פון
מיינע ניט פארלעבטע שעה'ן...
אין מיין חדר'ל לויערען די שאָטענס פון מיינע חלומות...
און עס טיקעט אין די ווענט די עכאָ פון א האַרין־שלאָג...

אין מיין חדר'ל וויגט זיך אין די רויך־קנוילען מיין ברוינער
אויג־עפּעל...
(פון מיין חדר'ל פירט קיין מיר ניט צו דער וועלט...)
אין מיין חדר'ל ליגען געבונדען מיינע ליבסטע — מיינע
זינדיגע מחשבות...
און עס שווימט און וויגט זיך אין בלוט אין אייגענעם א
האַרץ...



## אָטלעטען הענט...

אטלעטען הענט,
ווי שווערע האמערס,
הענגען איבער מיר ;
שווינגען מיט א: מורא'דיגען שוואונג ;
אָט, אָט — שלאָגען זיי
אין די טיפע שלייפען
פון מיין הויכען שטערען.

פאר'סם'טע שטראלען
פון זומפּ־זונען —
געלע —
ציהען זיך
צו די ווינקלען
פון מיינע פארוואָלקענטע אויגען —
און שטעכען,
ברענען.

א רויט־האָריגע האנט
טראָגט א ברענענדיגען פאַקעל
מיט שווארצע פעך־פלאמען,
פרעסענדיגען רויך —
לאָזט עס פלאקערען ארום מיין הארץ
און רויכערען.

ש. קורץ, פילאדעלפיא.

## לידער

א.

ווער דו ביזט,
וואו דו ביזט, —
זוך איהם און באגרים איהם ;
דורך דער וועלט בענשונג פליסט,
פליסען, פליסען נסים...

איז דיר שלעכט, —
בעט איהם נאָר,
בעט איהם און באגרים איהם :

האָט דורכגעצוקט
ביז אין דער טיפעניש מיין וועזען
און אויפגעלויכטען האָט אן אויגענבליק
אין מיר,
ווי קיינמאָל פריער...
ווער ווייסט ?
זיי געהען אפשר אָפט פארביי אונז,
די העל־זעהענדע,
נאָר בלינדע זיינען מיר,
די בלאס־פארגעהענדע ?...

מ. פערעלמוטער.

## עס שטעהען סלופעס...

עס שטעהען לאנגע הויכע סלופעס ביי די ראָגען אין די גאסען
מיט דראָטען דין און גראָבע איינע צו די אנד'רע ביי די קעפ
געבונדען.
עס וואָלט דאך שעהן געווען ווען א משוגע'נער, צו קלאָרער,
וואָלט אלע סלופעס אין א מיטען נאכט די שפיצען זייערע
אָנגעצונדען.
אָנגעצונדען און מיט הארציגער באגייסטערונג גענומען זינגען,
זינגען און פארשייט־משוגע שפרינגען :
פלאקערט, פלאקערט מיינע שווארצע ליכט !
בריהט דאָס הימעלשע געזיכט !
און אויפגעכאפט וואָלט זיך די שטאָט פון קליין ביז גרויס,
און פון די שטיבער וואָלטען אלע דערשראָקענע ארויס ;
פארגעסען וואָלטען אלע אין וואָסער וועלט זיי זיינען...
מיט'ן משוגענעם אינאיינעם, צי אינאיינעם מיט'ן קלאָרען
וואָלטען אלע זיך צושפרונגען
און צוזונגען —
ריזען כאָרען, ריזען כאָרען :
פלאקערט, פלאקערט מיינע שווארצע ליכט !
בריהט דאָס הימעלשע געזיכט.

עס וואָלט געוועזען אזוי שעהן.
מיר איז שוין נמאס טאָג און נאכט צו זעהן
די סלופעס אזוי טויט און אונבאוועגליך שטעהן !
עס וואָלט געוועזען אזוי וואונדערשעהן !

י. י. סינאל.



פאר דיין אויג קומען פאר
גרויסע, ליעבע נסים...

איז דיר גוט, —
דאנק איהם, דאנק,
דאנק איהם און באַגרים איהם :
אינ'ם שראנק
פון דיין הארץ
סעהרען זיך די נסים...

ב.

עס טרעפט מיט מיר :
איך איל זיך וואו,
פארנומען מיט דער בלאסער זאָרג,
און מיט א מאָל
דערשפיר איך דייטליך פון א פינגער
אויף מיין לאַפּעטקע א ריהר, —
איך דרעה געשווינד זיך אוים :
ס'איז קיינער ניט...
און אונרוהיגער לויף איך ווייטער דורך דער גאס,
און ווידער אויף מיין לאַפּעטקע א ריהר, —
איך גיב א צוק
דרעה שנעל זיך אוים
און ווידער — קיינער ניט...
— — — — — — — — — — — —
און יענער טאָג איז שוין פארשפילט :
מיר פאלט אליין פון די הענט
אויך מיין זכרון דינט מיר ניט,
און יעדע וויל לויפט דורך א פראָסט
אריבער מיר....

ג.

ווער ווייסט ? —
פילייכט איז דער,
וואָס האָט מיך אָקאָרשט אָפּגעשטעלט אין גאס,
א הייליגער ? —
זיין בליק

# ד י  ו ו י ג

אין שאָטען פון א יעל־בוים
הארט לעם א טייכען־ראנד
ווינט אום א וויג דער טייוועל
מיט א פארוואַקסען האנט.

ער לאכט און ווינט זיך און ווינט זיך
אַהין, צוריק,
אַהין, צוריק,
דאָס ברעטעל קרעכצט און דריקט זיך
און אָן דעם בוים־טוק פליקט זיך
די אָנגעצויגענע שטריק.

עס רוקט זיך שווער און סקריפּעט
די ברעט פון צייט צו צייט,
דער טייוועל לאכט און כריפּעט
און כאַפּט זיך אָן ביים זייט.

איך וויג זיך מיד און וועהר זיך,
אַהין, צוריק,
אַהין, צוריק,
[illegible] האַט זיך אָן און קער זיך,
און ווי פון טייוועל קלער זיך
צו אָפּווענדען מיין בליק.

חויך אויף דעם שווארצען יעל־בוים
לאכט עמיין ווי אין וואָהר;
ביזט דאַ אריינגעפאַלען,
טאַ וויג זיך צום שוואַרין יאָהר!

איך וויים, ס'וועט פון מיין וויג דאָך
דער טייוועל ניט אוועק,
ביז וואַן עס וועט אויסקרימען
זיין האנט מיין ברעט פול שרעק
ביז וואַן צוטאָלט וועט ווערען
די פלאַקס־געדרעהטע שטריק,
ביז וואַן ס'וועט איבערקערען
די ערד זיך צו מיין בליק.



# א וויג־ליד

ב'עפען אויף די אויגען,
ווייט א שטראל דערגליהט;
אלין אין רויך פארצויגען —
אויפשטעהן אָדער ניט?
ניין, איך לעג זיך ווידער
אין מיין וויגעל צו, —
זינג מיר, מאמע ליעדער:
אליע־ליוליע־ליו.

יוגענד פליהט פארביי מיר,
פרייד — געדענק איך קוים.
ס'רופט צוריק געטריי מיר
אין מיין וויג דער טרוים.
ס'פעהלט מיין מאמעס ליעדער —
זינג אליין איך צו.
כ'וויג מיין פיין איין ווידער:
אליע־ליוליע־ליו.

מידקייט ס'האָרין נעהמט פרעסען,
ס'גלעט דער שלאָף מיך לינד.
ס'ווערט מיין פיין פארגעסען,
כ'בין אויף ס'ניי א קינד.
כ'קלייב אין בלויען לאנד דאָרט
עפּעס, כ'בלאָנדזשע וואו;
ס'זינגט ווער'נאָכאנאנד דאָרט:
אליע־ליוליע־ליו.

אין דעם לאנד דעם בלויען
הענגט זיך קלאָר דער רוים.
כ'מו זיך אנפארטרויען
שווייגענדיג מיין טרוים.
ס'זינגט ווער מיין נשמה,
זינגט זי, זינגט אָהן רוה;
ס'רוימט ווער א נחמה:
אליע־ליוליע־ליו.

אָ, מיין שלאָף שוין עקט זיך,
ס'קומט די לעצטע שעה.
ס'שרעקט דער טאָג מיך, שרעקט מיך,
און מיין טרוים — ניטאָ.
ס'וואָרקען שוין די זאָרגען
נעבען מיר אין רוה ;
ס'מורמעלט ווער פארבאָרגען :
אליע־ליוליע־ליו.

## א י ר י נ א

דו געדענקסט דעם הערבסט, אירינאָ,
אין דעם אָרימען שטעטל, קליין ?
אזוי גרוי דאָרט, ווי דער הימעל
וואָלט אין טרויערניש פארגעהן.

ס'שפריצט א רעגען דין, אָהן אויפהער,
גלייך וואָלט נעצען אויסגעשפּרייט.
א פארטרונקענע דאָס שטעטעל
אין א טייך פון בלאָטע שטעהט.

און מיט שווערע עמער־שטאנגען
אויף דיין אקסעל איינגעדריקט
האָסט פון טייך געטראָגען וואַסער ;
רויט ווי פלאָם האָסטו אויסגעבליקט...

אלט און ענג דאָס הויז געוועזען,
ס'האָט פון דאַך אריינגערינט ;
ס'האָט דער אלטער דיל געוויגט זיך,
און פון שויב — געיאָגט א ווינד.

אויף א זייט זיך איינגעבויגען
דעם צופוילטער בריקעל דאָרט...
וואָלסט כאָטש איין מאָל מיר געוואָרפען
אין געזיכט א שלעכטען וואָרט !

וואָלסט כאָטש איין מאָל פול מיט טרעהרען
אויסגעגאָסען אויף מיר היים



דיין לאנג אָנגעקליבענעם וועהטאָג
פון דעם אָרמוט אזוי גרויס !

כ'וואָלט די פאָרוואורפען פארטראָגען,
און פארשווייגען כ'וואָלט אָהן וועה, —
אין אונזיניגער בעל־גאוה
מיט דעם מזל ניט־אזוי —

וואָס כ'האָב איינגעשפּאָרט פארבאָרגען
ס'אָפגענאָרטע טרוים אין מיר.
און איך האָב נאָך מיטגעצויגען
אין דער אָרימקייט אויך דיר.

ס'איז די נאכט אראָפּגעקומען
נאָכ'ן טאָג אין פיין אוועק ;
דו האָסט ליעב אזוי געשמייכעלט,
און געטרייסט מיר אָהן א ברעג.

האָסט געזאָגט מיר : וואָס איז אָרמוט ?
זאָל דאָס הארץ זיך שטארקען יאָר ,
זאָל מיט גליק־דורשט אָנגעגרייט זיין
פאר אונז לאנגע גוטע יאָהר !

און אויף ס'ניי דורך דיר א שטארקער
פלעג איך קוקען מוטיג, פריי,
אין דער פינסטערער ערפאַרונג
וואָס איז שווער אזוי פארביי.

איצטער הענגען קלאָרע הימלען
איבער אונז אין שטילער נאכט, —
דאָס האָסטו, אירינאָ מיינע,
אָט די וואונדער דאָס געבראכט !

פ. סאלאנוב.
(אידיש פון ב. לאפין.)

# א מיידעל'ס געזאנגען

א.

איין און איינציג מאל בין איך ביי דיר געווען,
איין און איינציג מאל צו דיר א ווארט גערעדט,
ס'קען מיין הארץ זיית דאן ניט רוהיג זיין,
ס'ציהט זיך נור צו דיר, צו דיר און ס'בעט :

„בהענג וואס שנעלער מיך אהין אין יענעם הויז,
וואו דער שעהנסטער מאן פון אלע וואוינט ;
כאטש עס איז דער מאן א מאמע שוין,
דאך האב איך איהם אלס היילינקייט שוין לאנג געקרוינט".

ב.

כ'קען די בענקעניש ניט איבערטראגען מעהר,
כ'מוז מיין ליבסטען זעהן כאטש נאך איין איינציג מאל.
ב'ווער פון בענקעניש און טויזענד שטיק צופליקט,
ס'איז א פרויען-הארץ דאך ניט פון שטאהל.

נו, האב איך דיר מיין הארץ אצינד געבראכט,
איך האב מיט פרייד ערפילט מיין הארץ'ס באגעהר,
טא נעהם-זשע שעהנער מאן דאס אלס מתנה צו,
און שענק מיר כאטש איין רגע רוה.

ג.

קענסט מיך מעהר ניט ליבען, האסטו מיר געזאגט,
כ'בין פארקלעמט פון שטוב ארויס ;
כ'האב דיך, ליבסטער ניט געפרעגט ווארום,
ס'איז מיין צער געווען צו גרויס.

כ'האב דיר נור געבעטען מיינע בריף
האסטו ניט געוואלט ;
האסט געענטפערט : — לייענען מיינע בריף
האסטו אמת האלט.

כ'בין אוועק פון דיר פארביטערט און פארשעמט,
מיין וועג א היים געווען איז שווער...
כ'האב געטראכט : ווארום נור ליבסטו מיינע בריף,
און מיך שוין מעהר ניט, מעהר ?



ד.

כ'האב אנומעלט דיך אין גאס באגעגענט,
ס'האט דיין פנים אויף א האר זיך ניט פארביטען.
דיין שעהנער אויסזעהן, ווי א שארפער מעסער,
האט מיין הארץ געשניטען.

טריט ביי טריט בין איך דיר נאכגעגאנגען,
ווי א קליינע קינד געהט נאך דער מאמען ;
אום דיין אדלער-אויג זאל מיך ניט מערקען,
האב איך זיך באהאלטען הינטער פרעמדע דאמען.

כ'האב געוואלט דיך אפשטעלען און זאגען :
ס'קען מיין הארץ חוץ דיר ניט קיינעם ליבען,
זייגען דיר וואס ס'איז פון מיר געווארען,
זינט איך בין אהן דיר פארבליבען.

איז א טראמוויי פלוצלונג אנגעפארען,
ביסט מיט איהם צוזאמען ווי א בליץ פארשוואונדען,
טרערען האבען זיך גענומען קייקלען אויף מיין פנים,
כ'האב דערפיהלט אין הארצען טויזענט נייע וואונדען.

ה.

כ'טראג קיין בייזע הארץ אויף דיר...
וואלט איך דיך געהאט איצט לעבען מיר,
צוגעטוליעט וואלט איך מיך צו דיר,
ניט קיין איינציג ווארט ארויסגערעדט,
נור פאמעליכען דיין שעהנעם קאפ געגלעט,
מיין הייסען קאפ אויף דיינע אקסלען אנגעלעהנט,
און שטיל מיין ביטער הארץ פאר דיר גוט אויסגעוויינט.

ו.

און וועט מען מיך פרעגען :
פארוואס האט מיין אויסזעהן אזוי זיך פארביטען,
פארוואס איז מיין פנים אין פאלדען צושניטען,
פארוואס זייגען אש-גרוי געווארען די לאקען,
פארוואס איז מיין אויג איצט פארויטעלט... צושראקען?—
וועל איך שטאט אן ענטפער איינגאנצען גאר שווייגען,
כ'וועל נור אויף מיין ברוסט מיט'ן פינגער אנצייגען
דיין קליינינקע, שעהנינקע בילד
וואס בליקט פון דער ראם אזוי חנ'עוודיג מילד.

ז.

כ'טראַג א וועהטאַג אין מיין הארצען
אלע זיבען טעג אין וואָך ;
ווען עס קומט דער ליבער זונטאג,
ווערט מיין וועהטאַג גרעסער נאָך.

כ'זעה די חבר'טעם שפאצירען,
אויסגעפוצט מיט זייער'ע פריינד :
יעדענס פנים שטראַלט פון ליבע,
ווי פון פריהלינגס-זון באשיינט.

זיץ איך אויסגעפוצט ביים פענסטער,
קוק אויף זיי און טראכט פון דיר :
ווײנט מיין הארץ פון הייסער בענקשאפט,
ווײנט און ווערט צופליקט אין מיר.

ח.

פלעגט דער זייגער קלינגען אכט,
האָבען מיר די קלאנגען אכט
פרייד און ליכט אין הויז געבראכט:
ס'האָט דערמאָנט די אכטע שעה,
קומען באלד צו מיר וועסטו,
ברייגנען פאר מיין הארצען רוה.
קלינגט אצינד דער זייגער אכט,
שפרייטען אוים די קלאנגען אכט
און מיין הארץ א טיפע נאכט.
עס דערמאָנט די אכטע שעה
קומען קיינמאָל שוין וועסטו,
בלייבען וועט מיין הארץ אָהן רוה.

ה. גודעלמאַן.

## אַן אייראָפּעאישער קריטיקער

אין דעם ווארשאווער „מאָמענט“ שרייבט איינער נ. שופרין, ארטיקלען וועגען דער יונגער אידישער ליטעראַטור אין אמעריקא: ער שרייבט „גוט“ וועגען אונזער ליטעראטור און דערפאר וואָלטען מיר דאָ, איהם אייגענטליך געראָפט זיין דאנקבאר.

איז אָבער די צרה וואָס דער דאָזיגער מליץ יושר פון די היגע יונגע ווייס אָפט ניט וואָס ער רעדט. ער טרעפט גאנץ אָפט מיט'ן פינגער אין הימעל און — וואָס נאָך ערגער — ער ערלויבט זיך צו



זאגען „אונאמת'ען“, רעדענדיג אויף א דעליקאטער, רזשענטעלמענישער שפראך.

דערווייל זיינען ערשיענען צוויי ארטיקלען, אבער די דאָזיגע צוויי זיינען אויך גענוג פאר אונז צו ווינשען, אז הלוי וואָלט זיך דער דאָזיגער ה' שופרין ניט אנגענומען פאר דער יונגער אמעריקאניש־אידישער ליטעראטור.

אלס טעקסטבוך פאַר־זיינע ארטיקלען נעמט דער ה' שופרין נח שטיינבערג'ס בוך „יונג אמעריקא“. מילא יעדער האָט א רעכט צו רעדען וועגען א שרייבער און א בוך, וואָס ער וויל, און מיר ווילען זיך ניט שפארען מיט דעם פארטיידיגער פון די יונגע, ווען ער באצייכענט נח שטיינבערג אלס דעם „טאלאנטפולען אימפרעסיאָניסט קריטיקער, וואָס דערמאָנט אין פיעלע הינזיכטען דעם רוסישען קריטיקער אייכענוואלד“. זאָל זיין אזוי. אבער ווען ער נעהט ווייטער און זאָגט, לאמר, אזוי צו זאָגען:

„איך האָב געטראָפען, דערצעהלט ער (ד. ה. נח שטיינבערג) אונזער שלום אש'ען אין א געדריקטער שטימונג. זיינע גרויסע קינדישע אויגען זיינען געווען פארפינסטערט. מיר האָבען גענומען א קליינעם שפאציר צוזאמען, און נאָך א ווײלע שווייגען האָט זיך אש צו מיר אנגערופען מיט א באהאלטענעם ערנסט: „איך בעט אייך מאַכט מיר עטליכע קאָמפּלימענטען... איך דארף היינט אנהויבען א נײ ווערק און ס'נישטאָ קיין כח דערצו... טוט מיר א טובה און זאָגט מיר, אז איך בין א גרויסער קינסטלער.

„איך האָב איהם פארשטאנען, באמערקט דער קריטיקער“...

טאקע זעהר א פיינע מעשה, נאר דער אונגליק איז, אז דאָס האָט פּאסירט ניט מיט נח שטיינבערג'ען נאר מיט משה נאַדיר'ן. משה נאדיר האָט טאקע אליין וועגען דער מעשה דערצעהלט, און נח שטיינבערג האָט זי ציטירט אין דעם בוך „יונג־אמעריקא“. ה' שופרין באווייזט אלזאָ דאָ, אז ער קען אפילו ניט לייענען א פשוטען „באריכט“ אזוי צו זאָגען. וואָס מען קאָן שוין דעריבער ערוואַרטען פון זיינע מיינונגען — איז קלאָר.

אבער אָט איז א צווייטער פּערל פון ה' שופרין'ס אמת'דיגקייט.

רעדענדיג וועגען דעם כאראקטער פון דער יונגער אידישער ליטעראטור און וועגען די טענות, אז זי איז ניט גענוג „אידיש“, זאָגט ער אזוי:

„איז דען די ערנסטע, טיפע באציהונג צו דעם אינדיווידואום'ס „איך“ ניט א אידישער שריך? די יונגע אידישע פּאָעזיע איז דורך און דורך אידיש און אוניווערסאַל. אידיש איז זי מיט אלע

איהרע זוכענישען, פּראָבלעמען, מאָטיווען, זעלבסט־אַנאַליז, אומ־צופרידענהייט, מיט דעם פּראָבלעם פון דערלייזונג זאָל זיין דער־לייזונג פון דעם איינצעלנעם", א. אז. וו.

גאַנץ פיינע מיינונגען. נאָר עפּעס קלינגען זיי זעהר באַקאַנט. מיר האָבען דאָס, דאַכט זיך, געלעזען כמעט ווערטערליך אין אַן אַר־טיקעל פון א. ג ל א נ ץ אין איינער פון זיינע וועכענטליכע איבערזיכטען אין „טאָג" אונטער'ן נאָמען „אידישקייט און ליטע־ראַטור".

מילא האָט ה' שופרין זיך באַנוצט מיט גלאַנץ'ס אַרטיקעל. עס וואָלט אפילו געפּאַסט, אז ער זאָל דערמאָנען, פונוואַנען ער שעפּט זיינע מיינונגען. אזוי פאָדערט די ליטעראַרישע עטיק. האַלט אָבער ה. שופרין, ווייזט אויס, ניט פון עטיק.

אָבער אויב מען באַנעהמט שוין יאָ א שטיקעל פּלאַגיאַט, מעג מען דאָך דאָס טאָן געשיקט, פיין, אז מען זאָל ניט קאָנען כאַפּען פאַר'ן האַנד!

וואָס טוט גאָט? ניט זיך דער מליץ יושר באַלד אַרויס און מען זעהט אַלץ קלאָר און דייטליך. ער זאָגט נעמליך, ווייטער:

„איבעריגענס פאַרמאָג איך (טראָץ דעם וואָס איך בין גאַנץ ווייט פון אמעריקא און קאָן זיך ניט פאַרשאַפען די אַלע צאָהל־רייכע אויסגאַבען) פיעלע, פיעלע אמת־אידישע ביכער פון די יונגע, אידישע לויט זייער לעבענס־אַנשויאונגען, אידישע לויט זייער קינסטלערישע אויפפאַסונגען. איך וועל בלויז אָנרופען: „פּוילישע וועלדער" פון י. אָפּאַטאָשו..."

דאָ וועלען מיר זיך אָפּשטעלען.

קיין בוך „פּוילישע וועלדער" פון י. אָפּאַטאָשו, איז נאָך ניטאָ. ממילא האָט עס ה' שופרין ניט געקאָנט זעהן... טאָמער וואָלט מען געקאָנט מיינען, אז ער האָט יאָ געלעזען די ערשטע קאַפּיטלען פון דעם ראָמאַן, בעת זיי האָבען זיך געדרוקט אין „אידישען קעמפער", דערצעהלט ער, ערשטענס, אז ער „פאַרמאָגט פיעלע, פיעלע אידי־שע ביכער", און דערפון דאַרף מען דרינגען, אַז ער פאַרמאָגט אויך א בוך „פּוילישע וועלדער, פון י. אָפּאַטאָשו." צווייטענס: צעת אָפּאַ־טאָשו האָט זיין ראָמאַן געדרוקט אין „קעמפער", זיינען געווען שווערע מלחמה יאָהרען און די צייטונג האָט באַין אופן ניט גע־קאָנט אָנקומען דענעלמעסיג אין אייראָפּאַ. און דריטענס: אין יענע ערשטע קאַפּיטלען איז נאָך געווען זעהר ווינציג אידישקייט. די אמת'ע, טיעפע אידישקייט פון אָפּאַטאָשוס ראָמאַן איז נאָך כמעט אין גאַנץ ניט ערשיענען. זי איז בלויז דאָ אין מאַנוסקריפּט.

פון וואַנען אַלזאָ האָט ה' שופרין געקאָנט זאָגען, אז ער האָט



א בוך „פּוילישע וועלדער פון י. אָפּאַטאָשו" און אז דאָס איז „דער אידישסטער ראָמאַן וואָס אונזער ליטעראַטור פאַרמאָגט"?

סיידען דער ה' שופרין האָט עס געטאָן מיט דעם כח פון מאַרק טאָלעראַזעס „גייסטער וועלט", איז דאָס טאַקע א טיעפע, טיעפע מיסטעריע.

אָבער... דאָס קעסטעל עפענט זיך גאַנץ איינפאַך:

אַט די ווערטער וועגען אָפּאַטאָשו'ס ראָמאַן געפינען זיך אין דעם זעלבען, שוין דערמאָנטען אַרטיקעל פון א. ג ל א נ ץ אין „טאָג", און גלאַנץ האָט דעם ראָמאַן טאַקע געלעזען אין מ א נ ו ־ ס ק ר י פּ ט.

דער זשורנאַל „פּאָעזיע" איז א מאָדערנער זשורנאַל. ער האָט פיינט שאַבלאָנען און באַנאַלע אויסדרוקען, פאַרגלייכען און ווערט־לעך.

אָבער ביי דעם גאַנצען מאָדערניזם, קאָנען מיר זאָגען אז וועגען דער אנגעלעגענהייט קאָן מען ניט געפינען קיין פּאַסענדער ווערטעל, ווי דאָס אַלטע אידישע שפּריך־וואָרט:

„היט אונז גאָט פאַר אונזערע פריינד!"

דעם ה' שופרין'ען, ווידער, קאָנען מיר בלויז געבען א פריינד־ליכע עצה:

פאַרזיכטיג, פאַרזיכטיג, ליעבער פאַרטיידיגער. אויב איהר ווילט שרייבען וועגען דער יונגער אידישער ליטעראַטור אין אמע־ריקא, זייט קודם כל זיכער, אז איהר ווייסט וועגען וואָס איהר רעדט, און פאַרבייט ניט משה נאדיר'ען מיט נח שטיינבער'ען. צווייטענס טאָר אפילו א פאַרטיידיגער אויך ניט באַנוצען זיך מיט פּלאַגיאַט.

## די „פּוסטע קרעטשמע"

### פון פּרץ הירשביין

געשפּיעלט אין „דאָס נייע אידישע טעאַטער".

(א נאָטיץ)

אז א פּראָסט מיידעל נעהמט אַרויס אויף א וועג אזוי אַרום האַלב נאַכט קען זי אָנגעמען א פולען פאַרטוך מיט לבנהשיין. ס'איז פּונקט ווי דאָס וואָס אין דעם פּיטשעריקען בעכעריל פון א פּראָסט פעלד־בלימעל באַרען זיך ביינאַכט אפשר טויזענד שטערען בעת אין מאַרמאָרענע פּאַלאַצען איז פינסטער, חושך. און ס'איז פּונקט ווי אין דעם געדעכעניש פון פּראָסטען פאָלק ליגען אפשר טויזענד מעשיות. מ'דאַרף בלויז זיין א קינד דאָס אַלץ צו זעהן — א קינד

אָרער א זשעני, ווייל ס׳האָט דאָך שוין, דאכטי זיך מיר, באַדלער געזאָגט, אז זשעני איז די קראַפט צו קוקן אויף דער וועלט מיט די אויגן פון א קינד... דאָס — אנטקעגן „די פּוסטע קרעטשמע״. ס׳איז נישט פאר דערוואַקסענע אידן וואָס ביי זיי אויף די נשמות וואַקסן בערד מיט קאַלטענעס. אזעלכע אידן ווייסן, אז ס׳איז דאָ בלויז איין „רעאַליסטישע״ זון, וואָס דאָס איז א ליגן, ווייל א ליאַרע קינד ווייסט, אז ווען מ׳צעברעכט א גלאָז אין מיטן העלן טאָג וועלן זיך וואַלגערן אויף דער ערד פּונקט אזוי פיעל זונען וויפיעל ס׳וועלן ליגן ברוך־שטיקלעך... הירשביין קוקט אויף אונזער וועלט מיט די אויגן פון א קינד. איך האָב מורא — אין דער אמת׳ן האָף איך — אז ער אליין גלויבט טאַקע אין שדים. ס׳איז נאָר א שאָד וואָס עמאַנועל רייכער גלויבט נישט אין זיי... כ׳האָב דערצעהלט א קליין אינגאַלע די מעשה פון „די פּוסטע קרעטשמע״. ביי א פאָלק ווי אונזערס, וואָס האָט נים קיין גרויסע קליינע אינגאַלעך מיט דער אויסנאָם פון צוויי מענשען פון וועלכע הירשביין איז איינער, באַדאַרף מען זיך גוט צוהערן צו דעם וואָס קליינע אינגאַלעך זאָגן... דאָס אינגאַלע האָט מיך אויסגעהערט מיט אן אָפן מויל, אזוי פאַרוואונדערט איז ער געווען. נאָר אז איך האָב געענדיגט האָט ער מיך געפרעגט, צו די שדים האָבן טאַקיש אויסגעזעהן ווי פּראָסטע סוחרים... כ׳נעה דאָס אינגאַלע נעהמען אין טעאַטער אריין און כ׳בין זיכער, אז ער וועט „די פּוסטע קרעטשמע״ קיינמאָל נישט פאַרגעסען, פּונקט ווי כ׳בין זיכער, אז די סוחרים, אזוי ווי רייכער נים זיי אונז, וועלן אים נישט צופרידען־שטעלען. פאר וואָס, ווייס איך נישט, פּונקט ווי איך ווייס נישט אויף זיכער צי ס׳איז רייכער׳ס שולד צי הירשביין׳ס וואָס די „סוחרים״, וואָס ארום זיי דרעהט זיך דאָך די גאַנצע מעשה, מאַכן עפּעס נישט קיין רושם... נאָך אלעם איז רייכער א דייטש און הירשביין — א ליטוואַק... אָבער די הענט זאָלן זיין געבענשט וואָס האָבן אונז, אין אזעלכע שווערע צייטען און אין אזא שרעקליכער וועלט ווי ס׳איז אונזער טעאַטער, געגעבן הירשביין׳ס מייסטערווערק.

ב. פ

# פיער לידער

## פון פרץ הירשביין

## אין „דאס נייע אידישע טעאטער"

1.—א צויבערליך בילד פון א זומערדיגען װאַלד אין דרויסען אויפ'ן דארף אין

**א פארװארפען װינקעל** צווישען **גרינע פעלדער**

א יונג מיט היים־ציגיינערישען בלוט אין זיינע אדערען, וואס זינגט מיט'ן סווישטש פון זיין קנאקענדיגער בייטש. א סערע־נאדע צו זיין געליעבטער. ער מאניעט זי ארויס אין שיין פון בלויען מערכען־ליכט פון וואונדערליכען זומער־וואלד און זוינגט דארט אויס דאס בלוט פון איהרע ליפען.

2.—א לייכטע, ליעבע, פארבענפולע, ריטמיש־רייכע פאעמע דורכגעדרונגען מיט א פרייליכען און נחת'דיגען הומאר. א מעשה־לע אזא. א חתונה א דארפיש־אידישע. דער דופט פון גרינעם זומערדיגען װאלד, די לוסט און לוסטיגקייט פון יונגען פרישען לעבען. דער רייץ פון צניעות'דיגען טאנץ און גאלדענעם אויגען־גלאנץ פון יונגע אידישע דארפישע טעכטער. די שטארקע לייד־ענשאפטען פון דעם פארליעבטען, וואס טראגט ארויס זיין איינ־ציגע זיין ליכטיגסטע, זיין שענסטע און ווערט מיט איהר פאר־שוואונדען אין דער נאכט.

א שאטען אויף דער זונענליכטיגקייט.
א שרעק.

3.—א באלאדע, וואס שפיעלט זיך אפ אין וויסטען, ווילדען װינקעל פון א אימה'דיגען וואלד אין נעפעל פון פארטאג. וואנ־דערען צוויי, וואס. איינער זויגט דאס בלוט פון צווייטענס אדע־רען ארויס אין פייערדיגער ליידענשאפט, אין גליהענדיגער גלוט. די פאטער־מוטער פאר וואס וואנדערט אום אין נעפעל פון פאר־טאג די טאכטער אפצוזוכען. דער קאמף צווישען פאטער, וואס וויל זיין טאכטער מציל זיין און דעם ציגיינער־יונג, וואס וויל זי אויף'ן פייער פון זיין ליידענשאפט פארברענען.

א קאמף. א היים נעשלען.
פארווירונג.
שטיל־שווייגען אין גרויען פארטאג.
געוויין.

4.—די אלטע לייט וואס שרעקען זיך פאר די נעהיימנישען, וואס לויערען איבער אונז. די יונגע לייט, וואס ליעבען זיך שטארקער אונטער דער מאכט פון די נעהיימנישען. דער וויל־דער שרעק, וואס ווארפט די מענשען אום אין אומרוה — א פייער צינדט מען אן — דאס בילד און גייסט פון שרעק דארט צו פער־ברענען. א פייער אפפער צו דעם גאט פון פינסטערניש. א קרבן צו זייך מאכט. א פייער וואס צופלאקערט זיך מיט זינגענדיגען קנאקענדיגען וואוט און ווילדען פלאמענדיגען גלוט און פרעסט איהר קרבן אויף. די ליעבע ראטעוועט איהר פאר ארויס פאר ווייטערדיגען לעבען און אלץ וואס בלייבט ווערט פערבלענדט אין פייער, פלאם און רויך.

א פייער־נעפעל.
וועה־געשריי.
א רויך.

* * *

פיער ליעדער פון פרץ הירשביין — פיער אקטען פון דער

**פוסטער קרעטשמע**

אין דאס „נייע אידישע טעאטער".

27טע גאס און מעדיסאן עווענין.

טעל. מעדיסאן סקוועיר 579.

# פאעזיע און פראזא

לכבוד די ערשיינונג פון

## יצחק בלומ׳ס

צוויי בענדער ערצעהלונגען און ליעדער

# ליטעראריש-מוזיקאלישער אווענט

פרייטאג, דעם 10טען אקטאבער, 1919

(צווייטען טאג סכות אווענט)

## מעקינלי סקווער קאסינא,

(169טע גאס און באסטאן ראוד)

אונזער פראגראם:

## סעמיועל גאלדינבורג

דער גרויסער קינסטלער פון אידישען טעאטער

## סאניע מעדוויעדאוו

באריהמטע זינגערין.

| ליטערארישעס: | מוזיקאלישעס: |
|---|---|
| יצחק בלום | בארים זאסלאווסקי, באריטאן. |
| אברהם רייזען | מיסס אלגא באטשילים, פיאניסטין. |
| פרץ הירשביין | ל. פאפערעלא, מאנדעלין. |
| א. גלאנץ (לעיעלעס) | סידני שוהמאן, וויאלין. |
| ה. גודעלמאן, (רעד. פאעזיע) | |

די פרייע אידישע פאלקסביהנע וועט אויפפיהרען שלום עליכם׳ס

## צעזעט און צעשפרייט.

רעושיסירט פון יעקב פישמאן,

משערמאן: לעאן גאמליעב.

פערזאנען: — פישמאן, רעזניק, באלסקי, שאפירא, מיסס סילווערמאן, מיסס ראשקאווסקי, מיסס נארשור, מיסס אסתר פינמער וועט דעקלאמירען.

גענויערס אין די טעגליכע צייטונגען.

## ממעמקים*

פאַר אונזער חרפּה
ווער וועט זיך אַנגעמען —
ווען נישט די קללה אויף אונזער צונג ?
אויף אונזער בראָך
ווער וועט אונז טרייסטען,
ווען נישט די טרייסט, וואָס גליהט אין אונז ?

תהלים, תהלים !
מיינע דעמפע פיער ווענט,
מיין פינסטערער טאָג,
מיין גאָט־געווידמעטע נאכט,
מיין מעשענער לייכטער,
מיין טריעפענדיג ליכט
און די נשמה מיינע
פון שאנד און בראָך.

## נפתלי לויפט

נפתלי לויפט... —
דער טאָג איז דער שענסטער, וואָס א סיון האָט געבוירען. —
צי קלאמערט זיך זיין גייסט דער לופטיגער
אָן די שטראַלען,
און זיין גוף אָן גייסט ?
צי זיינען די זאנגען, ווי שטאָלענע רימער,
וואָס בייגען זיך נישט אונטער זיינע טריט.
צי איז ער א פויגעל, וואָס פליהט איבער זאנגען
און ריהרט זיי נישט אָן ?
נפתלי לויפט...
און טראָגט א שליחות פון...
דער ווינט פון זיינע לופטיגע שפרייזען
זינגט צווישען די העפליכע זאנגען.
נפתלי לויפט...
און טראָגט א שליחות צו...
בלויז איינער לויפט פון איהם געשווינדער —
דער ווינט, וואָס לאָזט איהם זעגלען
אויף זיינע זוניגע וועלען.
נפתלי לויפט...

## ממעמקים*

פאַר אונזער חרפּה
ווער וועט זיך אָנפּעמען —
ווען נישט די קללה אָניף אונזער צונג ?
אויף אונזער בראַך
ווער וועט אונז טרייסטען;
ווען נישט די טרייסט, וואָס גליהט אין אונז ?

תהלים, תהלים !
מיינע דעמפּע פיער וועגט,
מיין פינסטערער טאָג,
מיין גאָט־געווידמעטע נאכט,
מיין מעשענער לייכטער,
מיין טריעפענדיג ליכט
און די נשמה מיינע
פון שאנד און בראַך.

## נפתלי לויפט

נפתלי לויפט... —
דער טאָג איז דער שענסטער, וואָס א סיון האָט געבוירען. —
צי קלאמערט זיך זיין גייסט דער לופטיגער
אָן די שטראַלען,
און זיין גוף אָן גייסט ?
צי זיינען די זאנגען, ווי שטאָלענע רימער,
וואָס בייגען זיך נישט אונטער זיינע טריט.
צי איז ער א פויגעל, וואָס פליהט איבער זאנגען
און ריהרט זיי נישט אָן ?
נפתלי לויפט...
און טראָגט א שליחות פון...
דער ווינט פון זיינע לופטיגע שפרייזען
זינגט צווישען די העפליכע זאנגען.
נפתלי לויפט...
און טראָגט א שליחות צו...
בלויז איינער לויפט פון איהם געשווינדער —
דער ווינט, וואָס לאָזט איהם זעגלען
אויף זיינע זוניגע וועלען.
נפתלי לויפט...

## דריי בורשטינענע שיסלען

אין פריהען אָנהויב פון׳ם לעצטען הערבסט
האָב איך מיר איינגעקויפט מיט מיינע גראָהע גראָשענס,
דריי בורשטינענע שיסלען.
אין איינער פלעג איך וואשען מיר מיין אָרעם גרעט,
אין איינער קנעטען מעהל מיט בוימעל,
און אין דער דריטער פלעגט א גאנצען ווינטער
ארומנעהן א לעבעדיג פישעל,
וואָס איך האָב יעדען טאָג געקויפט אויפ׳ן מארק.
און ווי דער פריהלינג איז נאָר אָנגעקומען,
האָב איך איינע אוועקגעשענקט דעם רב
פאר פסק׳ענען א גרינגע שאלה,
איינע האָב איך, צו אן אלטען טעפער אויף׳ן מארק,
פארקויפט פאר א שבוש,
און אין איינער האָט מיין זוהן זאמד זיך אָנגעשיט
און געמאכט א טייג פון אייגענער ערפינדונג.
פריהלינגצייט און זומערצייט
בעדארף איך נישט קיין שיסלען.
און ווען דער הערבסט וועט קומען
און דאָס גראָהע בוך פון טאָג נאָך טאָג
וועט זיך ווידער בלעטערען
פאר מיינע בענקענדיגע אויגען,
און וואנדלענדיג אין לאבירינט
פון רעלסען, רעדער, רייד און אומעט
וועט עס מיך ווידער פארקלעמען,
אזוי ווי די לעצטע שווערע אכט ניין הערבסטען,
וואָס איך האָב איבערגעלעבט, —
דאמאָלס אין מיין איינזאמער תמימות,
וועל איך ווידער געהן זוכען
מיינע דריי בורשטינענע שיסלען.
און דאמאָלס קען נאָך זיין, —
איך זאָג דאָס שטילער,
ווייל ס׳איז איצטער פריהלינג,
און יעדען פריהלינג צווייפעל איך אין דעם —
דאמאָלס קען נאָך זיין,
אז אין איינער פון די דריי
זאָל איך מישען קרייטעכצער,
וואָס קענען פארברענגען די לונגען אויף אייביג.
(ווי לאנג געדויערט אייביג?).



## ביי א היימישער סעודה

דער פרעהליכסטער:
לאָמיר זיך דערמאָנען אָן א טויטען חבר.
און לאכען דערפאר, ווייל ער האָט געלאכט,
און טרינקען דערפאר, ווייל ער האָט געלעבט.
דער אומעטיגסטער:

זאָל איינער פאר אונז צייכענען די קניטשען אויף זיין שטערן,
און איינער זאָל אונז מאָהלען דעם קאָליר פון זיין וועסט,
און ווער געדענקט זיין שניפסעל אין טאָג פון זיין טויט?
אלע:

לאָמיר זיך דערמאָנען אָן א טויטען חבר.
און לאכען דערפאר, ווייל ער האָט געלאכט,
און טרינקען דערפאר, ווייל ער האָט געלעבט.
לחיים!

## מיט׳ן וועג פון דורות

אזוי וועלען דורות פארבייגעהן:
שטעט וועלען אלט ווערען
און אלטערהייט זיך פאנאנדערבליהען,
לעמפערטען וועלען וויעען אין דער וועלט׳ס מדבריות,
היענעס וועלען דורשטיג זיין,
פיראטען וועלען לויערען אין ווייטע ים׳ען,
אויף שטילע וועגען וועלען וואקסען זיסע יאגדעס,
און אידיש בלוט,
מיין בלוט,
דאָס רעטזועל-בלוט,
דאָס אייביג איידעלסטע און אייביג שטארקסטע,
וועט אין פרעכטיג-הייליגע לוזשעס
באציערען די אומריינע ערד,
אויף וועלכער ס׳טרעטען
די שלאנגען-צונגיגע, שטוין-גיעריגע
מזרים-ברידער פון לאיאלא,
אזוי ווי רויטע רויזען אויף א קריסט׳ס א קבר.

אזוי וועלען דורות פארבייגעהן:
און מיר וועלען אייביג,
ווי די לויים אונזערע,
זינגען דאָס ליד פון אונזער הייליגקייט,
און אייביג צו די הימלען
וועט ציעלען און גרייכען אונזער געזאנג:
צום הימעל איז אונזער ליד,
צום הימעל איז אונזער ליד.

מארק שוויד.

## דאָס ליד פון געלען וואהנזין

(פראגמענט פון א פאעמא)

יאָמערענדע קינדער, אידישע קינדער,
(ווייך און ווייס בלאַנקען צוגעגרייטע בעטען),
געשאָכטענע קינדער, אידישע קינדער,
(לייבער פלעכטען זיך, האלזען און גלעטען).

פאראומריינטע פרויען, אונזערע פרויען,
(קינדער פאטשען פריידיג אין די הענטלעך),
פאראומערטע פרויען, אונזערע פרויען,
(עלטערען קויפען געבורטסטאָג-פרעזענטען).

אין פוילען, אוקראינא און זאמוט,
(גרינע אויגען פון וואָיענדע וועלף אין דער נאכט),
אין לאנד פון וואָלעך, אין לאנד פון מאגיאר,
אין לאנד פון טשעך,
(געלע שריפות אין הארץ פון דער נאכט).

און עס פליסען די טייכען,
און עס ראָלען די שטערען,
עס זעטיגט זיך מיט רעגען די ערד,
עס צייטיגט די פרוכט פון דער ערד.
און הערבסט קומט נאָך ווינטער,
דער ווינטער נעבירט פריהלינג,
און אלץ איז ווי פריהער,
און אלץ איז ווי גאָרנישט,
ווי גאָרנישט, ווי גאָרנישט וואָלט געשעהן.



און מיר אליין?
מיר עסען און טרינקען,
און שלאָפען מיט די ווייבער,
און פרוכפערען קינדער,
און צייטיגען פראָיען,
(גרינע אויגען פון וואָיענדע וועלף אין דער נאכט),
און האָבען מורא פאר גויים,
און אלץ איז ווי פריהער,
און אלץ איז ווי גאָרנישט,
ווי גאָרנישט, ווי גאָרנישט וואָלט געשעהן.

געפייניגטע אידען, אומעטום, אומעטום,
געשאָכטענע קינדער, פאראומרייניגטע פרויען
און שטארטשענדע אויגען,
און הענט צום הימעל געשטייפטע ווי תליות,
און פינגער, געקלאמערטע אין לעערקייט,
און זיפצען און שלוכצען און כאָרכלען...

קיאָ-הו-הע! דער געלער וואהנזין גייט,
דער געלער וואהנזין שפאנט,
און צעשלאנגט זיך אין א בויך-טאנץ מיט דער
אויפגעבליצטער קלאָרקייט,
וועלכע האָט זיך פלוצלינג צעלאכט
מיט א קריידיגען לאך:
קיאָ-הו-האו! קיאָ-הו-האו!
און דער קריידיגער לאך טראָגט זיך פונאנדער
איבער לענדער און וועגען,
איבער דערפער און שטעדט,
איבער בוידימער און קעלערען.
קיאָ-הו-האו! קיאָ-הו-האו!
צו-וואָס און צו-ווען?
פארוואָס און פארווען?

און עס שלאנגט זיך דער בויך-טאנץ
און דרעהט זיך ארום אונז,
און ציהט אונז אריין אין געדרעה,
און פיהרט אונז אלע:
מענער, פרויען און קינדער,
זקנים און בחורים,
יונגפרויען און מאמעס,
ארוים אין מארק!

דארט טאנצען מיר און טאנצען,
ווי זונות, וואס האבען זייערע נשמות צום
וואהנזין פארפאכט,
ווי זונות, וואס זעהען דורך זייער שגעון —
בליציג-העל, בליציג-קלאר —
זייער פארזינגעלטען שיקזאל.
מיר טאנצען און טאנצען,
און לאכען און לאכען,
און פליעסקען אין די הענט —
דער געלער וואהנזין בייטשט אונז אונטער:
מיט שטארטשענדע אויגען,
מיט הענט צום הימעל געשטייפטע ווי תליות,
מיט קרעכצען פון מאמעס,
מיט כארכלען פון מענער,
מיט שלוכצען פון יונגפרויען,
מיט יאמערען פון קינדער.

און מיר הויבען אלין העכער די פיס,
און פארווארפען אלין מעהרער די קעפ,
און שטרעקען אויס די העלזער,
און שטעלען אויס די העלזער,
און שרייען אלע אויס,
אלע מיט איין קול:
שעכט אונז!
שעכט אונז אלע, אלע,
אלע מיט אמאל!
זאל אייער דורשט נאך בלוט געשטילט ווערען!
זאל אייער הונגער געזעטיגט ווערען מיט אונזער
הילפלאזיגקייט!
זאל אייער תאוה פארפולט ווערען מיט אונזער
שוואכקייט!

און זאל נעמען א סוף!
א סוף!
א סוף!
קיא-הו-הע! דער געלער וואהנזין געהט,
דער געלער וואהנזין שפאנט,
און צעשלאגט זיך אין א בויך-טאנץ מיט דער
בליצענדער קלארקייט,
וועלכע האט זיך פלוצלינג צעלאכט
מיט א קריידיגען לאך...



# ביזנעס

...פון דעם ווייסען געפעל גליטשט זיך ארויס דער קעלנער.
איך באשטעל א סענדוויטש,
און בלייב זיצען אזוי אויטאמאטיש,
אפהענגדיג —
א טייל פון דעם גערויש, וואס איז אי נאהענט, אי ווייט,
א שטויבעל, וואס דרעהט זיך ארום זיך אין פליסענדען געפעל.

הינטער דעם טומבאנק שטעט דעם רעסטאראטארס טאכטער,
מסתמא בלויז אכטצעהן יאהר אלט, ניט מעהר.
דאס מעסער, וואס זי האלט מיט איהרע ווייסע, דינע פינגער—
בלאנקענדער שטאהל —
בליצט יעדעס מאל, ווען עס שניידט זיך איין אין פלייש.
זי שניידט, און איהרע פינגער:
בלאסע פערעל-שנורען אויף א רויטען, דיקען קארק.
די יונגע בריסט פלאטערען אויף דער שווארצער, געפאסטער
בלוזקע.

איך ציטער פלוצלינג אויף.
א ווייסער אינדישער טעמפעל.
יונגע מיידלעך מיט דינע, נערוועזע פינגער,
מיט ערשט-פאררונדעלטע, בויגיגע גלידער,
זיינען מקריב זייער מיידעלשקייט צום אלין-ליבענדען,
אלין-שאפענדען גאט.
איך בין דער פריסטער אין׳ם טעמפעל פון פרוכטבארקייט,
און נעם צו געלאסען, רוהיג און גאטספארכטיג,
דעם מיידעל׳ס מתנות:
דעם פלאטער פון די ניט באריהרטע בריסט,
די ווייסקייט פון איהרע צארטע, דינע פינגער,
די יונגע שרעקעדיגקייט פאר דער מיסטעריע פון געשלעכט.
רוהיג און גאטספארכטיג, טוענדיג דעם אייבינגען ווילען פון
דעם אייבינגען גאט.

---

פריהלינג.
גרינקייט פון פעלד און וואלד.
קנאספען פלאצען און פלאצען.
מאגנאליא-בוימער שפרייען זייער ווייסע, שמעקעדיגע
בליהונג.
איך, געטריבען פון זונשיין און די פלאצענדע קנאספען,

נעיאָגט פון דעם געזאנג אין מיין בלוט,
לויף אין וואלד, אין פעלד און זוך.
מיינע פיס — פלינק, מיינע אָרעמס — שטארק.
איך פאנג ז י .
זי האָט מיך אויך געזוכט,
און געוואַרט איך זאָל זי פאַנגען.
טיעפער אין וואלד אריין!...

נערויש פון יונגע בלעטער.
ווייכקייט פון געדיכטען, פרישען גראָז.
אראָמאט פון פלאצענדע קנאָספען.
פלאטער פון עלאסטישע גלידער.
שטילע, שטילע צורופונגען...

דער קעלנער ברענגט מיר דעם סענדוויטש.
אהאָ! מיין יונגפרוי, מיין פרעהיסטאָרישער זיוועג וויים,
וואָס עס הייסט ביזנעס,
און ווי פון דינע דורכזיכטיגע סענדוויטשעס זאָלען ווערען
אויטאָמאָבילען,
מיט פרעהליכע שפאצירען — שפילען אין די פארקען,
אין די אלעען,
אז אלע זאָלען זעהן!

אָבער ווי ווייס און דין זיינען איהרע פינגער!
ווי שמעכטיג שלענגלען זיך די קרעסצענטען
אונטער דער אָנגעצויגענער, שווארצער בלוזקע!
איך מאך צו די אויגען,
פיהל א צוקען,
און אין דעם ווייסען געפעל
פון געדעקטע טישען,
פון מיילער, וואָס עפענען און פארמאכען זיך ווי קופערט-
דעקלעך אויף ווייכע פרוזשינעס,

פון גאָפעל-געקלונג,
מעסער-געבליין,
און ביזנעס,
נעמט מיך דורך א נאָך קיינמאָל נים געפילטע פיעטעס.

א. לעיעלעס.



## אין א באַגינען

כ'האָב די בוימער אויף די וועגען
אליין געזעהן דעם טאָג אנטקעגען
געהן מיט ווינטען און געזאנגען,
ביז איך מיטגעגאנגען.

*

וואָס זאָל איך אייך, מענשען, זאָגען?
כ'האָב געזעהן אין וואלד דאָס טאָגען
נאָך א נעבעלדיגער נאכט,
האָט דאָס מיך שטום געמאכט.

## פון א בריף

מיינסט, כ'מו עפעס גאנצענע טעג?
כ'געה ארום אויף'ן אָפענעם וועג,
מיט אויגען אָנגעשארפט און אויערען אָנגעשפיצט;
און בין אן אונפארשטענדליך שווייגען,
ווי די פוילענדיגע צווייגען,
אין דער מורא'דיגער שטילקייט פון די וועלדער איינגעקריצט.

— — — — — — — — — — — — — — — —

וואָס זאָל איך זאָגען?
וואָס קען א מענש זאָגען?

א מענש וואָלט באדארפט זיין זיכער ווי א בוים,
מיט וואָרצלען אין דער ערד;
מיט ווייך-פארבלעטערטע און אויסגעשטרעקטע צווייגען,
פאר פויגלען זיך צו לייגען
רוהען, זינגען, טראכטען לאנגע טראכטונגען פון דעם
ווי אלץ איז גוט און שטיל און רוהיג ברוך השם.

— — — — — — — — — — — — — — — —

וואָס זאָל איך טון?
וואָס קען א מענש דען טון?

כ'וועל מיך נאָך אמאָל אוועקשטעלען אין מיטען פעלד,
אראָפלאָזען די הענט, נישט רירען זיך, און שטעהן
ווי ס'וואָלט מיך גאָט אזוי אוועקגעשטעלט
כ'זאָל שטעהן.
און שטעהן אזוי ביז וואנען ס'וועט די ערד
מיך נעמען פאר א זון וואָס גאָט האָט איהר באשערט.

## די זיבעז יעגערס

אפשר זיינען די זיבען שטאָלצע יעגערס,
וואָס האָבען אונז פארלייזיגט די געלעגערס,
געוועזן גערעכט: אפשר טאקע זיינען מיר
א פאָלק פון אונפארשעמטע פנים'ער,
נאָר נעמען געלד און האנדלען-וואנדלען קענען מיר;
און אז עס קומט אַן עדעלער פארשוין
און גיט אונז פויגעל-פלייש א לוין
פאר נאכטלעגער, פאר האנטיכער, פאר זייף,
זאָגען מיר: „אוועק דערמיט, ס'איז טרייף!
מיר עסען נישט קיין פויגלען וועלכע זינגען
און אונזער הויז איז, גאָט צו דאנק, נישט צום פארדינגען!"
אויף אונזער בוידעם שלאָפען מידע וואנדערער
פון אלע עקען וועלט; און קומט אַן אנדערער
האָט אונזער גאָט געגעבען שמעקעדיגען היי
פאר איהם צו מאכען א געלעגער ווי פאר זיי.
קיינער וועט נישט זאָגען, אז עס האָט געטראָפען
ס'זאָל די טיר פון אונזער הויז נישט זיין ווען אָפען
און פונקט ווי ס'קומט א גאנצע נאכט אריין
דער ווינט, די שוואלבען און דאָס שטערענשיין,
אזוי קען יעדערער, א קראנקער צי א מיעדער,
אריין און ליינען זיך און פיהלען צווישען ברידער,
מעג זיין דער גאָט פון זיינע אבות א שטיק האָלץ
און ער אליין מעג זיין געפאלען אָדער שטאָלץ
ווי יענע זיבען שטאָלצע יעגערס
וואָס האָבען אונז פארלייזיגט די געלעגערס.
אונזער הויז איז אָרים, אונזער הויז איז שוואך,
גיסט באנאכט א רעגען, רינט אריין פון דאך;
וואָלקענט זיך דער הימעל און די ווינטען כליפען,
טוען לאָדענס קרעכצען און די טירען סקריפען;
איז דער הימעל ריין פון וואָלקענס אָדער כמארעס,
טריפט די נאכט אריין דורך ווערימדיגע שפארעס...
אפשר איז ביי גויים אין די הייזער בעסער;
אונזער הויז וועט אָבער איבערלעבען שלעסער,
אונזער הויז וועט פון פאלאצען שפעטען.
פאר אונזער הויז וועט יעדער וואנדערער גאָט-בעטען
און יעדער זינגפויגעל וועט אין זיין שירה
גאָט, ברוך הוא, דערמאָנען אונזער דירה...

ב נ י מ י ן פ י נ ק ע ל.



## די האַנט פון גאָט

די האנד פון גאָט ליגט ערגעץ וואו צושניטען,
די האנט פון גאָט ליגט ערגעץ וואו צוהאקט —
און איך — איך האָב געוואָלט מיין קאָפּ פארהיטען, —
איך זיין מיט טיר און טויערען פארהאקט.

ווי שטיקער פון א שלאַנג וואָס ווארפען זיך באזונדער,
אזוי אויך שליידערען זיך אום די שטיקער פון גאָט'ס האנד,
און יעדער שליידער עפענט אויף די ל ע צ ט ע וואונדער,
צועפענען זיי אויך מיין אָבגעצאמטער וואנד.

איצט טו איך שוין פון קיינעם זיך ניט היטען.
איך רוף דעם מאן וואָס זוכט זיין לעצטע רויב;
די האנד פון גאָט ליגט ערגעץ וואו צושניטען,
און איך — ווי שטיקער פון א שלאנג אין בלוט און שטויב....

ה. ל י י װ י ק.

## אקעגען דיין פענסטער

אָנגעשפּארט אין פּלויט,
דעם קאָפּ ארויף פארריסען
צוויי סילועטען שווארצע
אויף'ן פארהענגעל
גיסען זיך צוזאמען
און בלייבען אין א לאנגען קוש,
(אָה, דו, וואָס ניט לאנג
ביזטו אין מיינע ארעמס געוועזען!)
מיין הארין האָט זיך א צאפּעל געטון.
ס'האָט ווער מיר מיט א שווערען האמער
דערלאנגט איבער'ן קאָפּ
און בייז באפוילען:
„לאך,
לאך דו נאר,
לאך אויס דאָס ליעד פון נאר
און אָבגענארטען."
האָב איך זיך וועהמוטיג
געדרעהט
און קראמפּפהאפט געלאכט.
געלאכט.

מיט מיינע נעגעל.
זיך אין האַרץ געריהעט
פּיצלעכווייז געריסען
און געלאַכט.
איך האָב געלאַכט,
איך האָב געלאַכט,
און אויסגעלאַכט דאָס ליד פון נאַר
און אָבגענאַרטען.
דאָס ליד פון זיך אליין —
כאַ־כאַ־כא, כא־כא־כא,
כא־כא־כא, כא־כא־כא.
האָט יעדער הונט זיין בערגעל מיסט,
האָט יעדער הונט זיין צוויג,
און האָט דעם הונט זיין צוויג פאַרלאָזען,
האָט דער הונט זיין מיסט פאַרלאָזען ;
וואַלגערט ער זיך אין פרעמדע מיסטען,
ריהעט ער זיך אין פרעמדע מיסטען.

## גערדאַנקען בליצען

גערדאַנקען בליצען
האָב איך אין שטריק געפלאָכטען,
און ווי א טויכער
זיך אַראָבגעלאָזט
אויף'ן אָבגרונד פון מיין האַרץ.
איך האָב פולע הויפענס פערל אָנגענומען
און געוואָרפען אין די גאַסען.
קלוגע מענשען האָבען זיי צוכאַפּט
און שפּאָטיש געשמייכעלט איבער מיר :
„ווי ס'וואַרפט דער נאַר זיך מיט זיינע פערל".

משה שיפּרים.



## אין פּאַרק

דער אויסגעפלאָסטערטער רינג פון פּאַרק איז אָפּגענאָסען מיט זונליכט.

די לאַנגע בענק אַרום דעם רינג זיינען באַזעצט מיט מענשען. ווייסע, רויט, בלאָהע קאָלירען.

און דאָס גראָז איז נאָר וואָס געשניטען, נידריג און אַזוי גרין און שמעקט.

דער פּאַרק איז א באַרגינער. אין די בערג דאָ און דאָרט, א פאַרגליווערטער גראַניט שטיין.

און דאָרט, וואו עס איז דאָ בערג זיינען אויך דאָ טאָלען.

אָבער די טאָלען אין פּאַרק, זיינען אויסגעשפּרייט און ציען זיך אַוועק ברייטע און גרינע.

לויפען קליינע קינדער באַרג אַראָפּ באַרג אַרויף, לעגען זיך אַוועק און קייקלען זיך צוריק אַראָפּ.

ווייסע, רויטע, בלאָהע, און גרינע קאָלירען.

און א מענש, איינער, נעהט אַרום מיט א שטעקען אין זיין האַנד, נעהט אַרום איבער די וועגען פון פּאַרק. ער איז שוין אַלט, זיינע הענט ציטערען און זיין קאָפּ ציטערט אַהין און אַהער. אָט באַווייזט זיך דער מענש מיט דעם שטעקען אויף א באַרג, בלייבט שטעהן און קוקט זיך אַרום, טוט א געשריי און די קליינע קינדער דערשרעקען זיך און אַנטלויפען דורך די גרינע לאָנקעס באַרג אַרויף, באַרג אַראָפּ.

ווייס, בלאָה, רויט און גרין.

דער פּאַרק איז איבערגעשניטען מיט וועגען. אַהין א וועג, אַהער א וועג. איין וועג שפּרינגט אַריבער איין אַנדער וועג. אַלע וועגען פירען צו דעם אויסגעפלאָסטערטען רינג.

א מידער, א פאַרשוויצטער איז ער געקומען.
זיינען אים די קינדערלאַך באַפאַלען.
פּאַפּאַ. פּאַפּאַ.

די פרוי האָט געמאַכט איין אָרט אויף דער באַנק.

דער מידער זעצט זיך שווער אַוועק. ווישט אָפּ דעם שוויים פון זיין שטערן.

קינדערלאַך קלייבען זיך אַרום אים. איין מיידעלע זיצט רייטענדיג אויף דער רעכטער קני, די אַנדערע זיצט רייטענדיג אויף דער לינקער קני.

א קליינער איינגעלע קריכט אויף זיין פּלייצע.

דער מידער ווישט זיין שוויים פון שטערען.

זיינע גרויסע אויגען פארמאכען און עפענען זיך, אזוי ווי ער וואלט שמייכלען: אזוי ווי, אפשר, ער קאן נים קוקען אין דער ליכטינער זון.

די פרוי וויקעלט אויף דעם פאק. נעמט ארויס גרויסע שטיקער ברויט, באשמירט מיט פוטער.

קריכען די קינדער אראפ פון דעם מירען, באפאלען די מאמע. איינגעטיילט.

דער מידער רייבט איין האנר אין דער אנדערער.

זיין מויל איז פול געווארען מיט שפייעכץ.

די פרוי גיט אים א שטיק ברויט.

ער קוקט זיך ארום. פארמאכט זיינע אויגען און בייסט זיך אריין מיט זיין גרויסען מויל, אין שטיק ברויט.

פליג, פויגעל און וויווראק האבען דערשמעקט און זיינען געקומען צו דעם ריח פון ברויט מיט פוטער.

דער וויווראק איז געשטאנען פון ווייטען מיט צוויי פיס אין דער לופטען.

דער פויגעל האט געשפרינגען נאהענט, ארום און ארום.

די פליג איז צוגעקומען זעהר נאענט, אויף די הענט, אויף דעם פארשוויצטען שטערען, אויף דעם שטיק ברויט.

דער מידער, עסט און טרייבט די פליגען און ווישט דעם שוויים.

די קינדער שטעהען נעבען זייער מאמען. היטען די מאמען.

די מוטער שפרייט אויס ביידע הענט אין דער ברייט.

טרייסעלט אוים דאס ליידיגע פאפיר פון דעם פאק.

נישטא מעהרער.

באפאלען די קינדער דעם טאטען.

איין מיידעלע קריכט אויף דער רעכטער קני, דאס אנדערע אויף דער לינקער קני און דאס איינגעלע דראפעט זיך אויף דער פלייצע.

דער מידער צוברעכט זיין שטיק ברויט. טיילט אלע קינדער איין. דאס איבערגעבליבענע שטיק ברויט ריקט ער אריין צו זיך אין מויל.

קלויבט די ברעקלאך פון זיין ראק און ווארפט זיי אין מויל אריין.

לעגט דער פאטער א פויסט צו זיין מויל. פארווארפט דעם קאפ ארויף.

א טרינק וואסער.

די פרוי דערלאנגט א פלאש צו איינער פון די מיידעלאך.



לויפט דאס מיידעלע און ברייננט פון שפריץ ברונעם וואסער.

דער מידער פאטער נעמט די פלאש און וויל טרינקען.

באפאלען אים די קינדער.

פאפא, וואסער.

טרינקט קינדער, טרינקט.

טרינקען די קינדער אוים, דאס גאנצע וואסער.

לויפט דאס אנדערע מיידעלע אוועק מיט דער פלאש און ברייננט נאך וואסער.

דער פאטער גיסט אין זיך אריין די פלאש מיט וואסער.

ווישט אפ מיט זיינע הענט די ליפען.

נעמט ארוים א פיפקע און טיטון.

מיט צוויי פינגער נעמט ער אן די ברעקלאך טיטון און לעגט זיי אריין אין פיפקע, קוועטשט אן א פולע פיפקע מיט טיטון, און צינדט אן, און לאזט ארוים א וואלקען רויך.

דער מידער שטרעקט אוים זיינע פיס, שפארט זיך אן אין דעם אנליין פון דער באנק, פארמאכט און עפענט זיינע אויגען, ווי ער וואלט שמייכלען, אדער ווי ער וואלט נים געקאנט קוקען אין דער זון.

די זון האט געזאגט צו דעם מירען, גוט, ביזט מיד, איך וועל פון דאנען, אוועקגעהען.

די בוימער האבען דאס דערהערט האבען זיי אנגעהויבען צו ריידען צווישען זיך שטילער און שטילער, זיך געבוינען איינער צו דעם אנדערען, אזוי ווי נאענטער זיך צוזאמענגעריקט און ארומגעשטעלט דעם געפלאסטערטען רינג.

אויף א באנק האט א מיידעל באהאלטען אין איר שוים דעם קאפ פון איר בחור.

נים ווייט פון דער מיידעל זיינען אויף א באנק געזעסען קליינע מיידלאך און געהיט, אז זיי זאלען נים פארלירען איין באוועגונג פון דער מיידעל מיט איר בחור.

דער בחור האט ארויסגעכאפט זיין קאפ פון דער מיידעל'ס שוים און מיט ביידע הענט אנגענומען זיין מיידעל'ס קאפ, צוגעצויגען צו זיך, און געביסען איר פנים.

צוויי וויווראקעס האבען זיך געיאגט. געפאלען, זיך איבערגעקייקעלט און ווייטער געיאגט.

איין איינגעלע האט דערצעהלט איין אנדער איינגעלע, אז ער האט נים קיין מאמען.

וואס הייסט דו האסט נים קיין מאמע?

מיין מאמע איז געשטארבען, האט דאס איינגעלע געלאכט פון דעם אנדערען איינגעלע, איך בין געגאנגען אין גאס מיט מיין מאמען

האָט מען זי איבערגעפּאַרען. האָב איך זי געוואָלט אויפהויבען, איז זי געוואָרען אזוי שווער, אזוי שווער.

און דער מידער, איז געזעסען מיט זיינע פיס אויסגעשטרעקט. די פּיפּקע אין־אַ ווינקעל פון זיין מויל, און געבלאָזען רינגע, אָפּגע־האַקטע זיילען רויך.

זיין פרוי האָט געהייקעלט מיט צוויי שפּיזלאך פון א קנויל וואָל.

איין מיידעלע האָט געקליבען פּאַפּירלאך און געבראכט צו דעם מידען טאַטען. אַנגעפילט די קעשענעס פון זיין ראָק. דאָס אנדערע מיידעלע האָט געגראָבען ערד מיט א ברעטעל און געבראכט צו דעם מידען טאַטען און געשאָטען אין די קעשענעס־אריין. און דאָס קליי־נע אינגעלע האָט געריסען גראָז און געטראָגען צו זיין טאַטען אז ער זאָל דאָס גראָז באַהאַלטען.

די פויגעל האָבען זיך באַזעצט אין די טיפע פאַלדען פון די גרינע בלעטער אויף די ביימער.

דאָס געזאַנג פון דעם אָבענד האָט זיך אַנגעהויבען.

א. ראבאי.

## ערינערונגען

ווען איך האָב געקוקט אין דיינע אויגען
האָב איך געזעהן א גאָרטען
מיט פּעאָניעס און קלינגענדיגע פּאַנאַדעס,
און האלב־קיילעכדיגע בריקען
איבער שטילע אָזערעס.
א פרוי איז ביים וואסער דאָרט געזעסען
אין א רעגען־בלויען זיידען קלייד.
זי האָט אריינגעשטעקט די האנט אין וואסער
פּעאָניעס רויטע אָפּצורייסען,
וואָס האָבען הינטערן וואסער דאָרט געוואַקסען.
נאָר ווען זי האָט דעם שטאָם בלויז אָנגערירט,
האָבען די בלומען זיך צושאָטען אין גרין ווייסע
קרייזלאך,
און ווען זי האָט די האנט איהרע ארויסגעצויגען —
האָבען די וואסער־טראָפּען רינענדיג פון האנט
פאַרפלעקט איהר רעגען־בלויען קלייד ווי טרערען.



## ווענום די פאַרגענגליכע

זאָג מיר,
איז ווענום שעהנער־דען געווען
פון דיר,
ווען זי האָט אָפּגעשטעלט
די פאַלבעדיגע כוואַליעס,
וואָס האָבען זיך צום ברעג געטראָגען
אויף איהר שיסעלע פון וואסער מיר ?
איז באַטיסטעלים טרוים
שענער דען געווען פון מיינעם ;
און זיינען די געמאָלטע רויזען
וואָס זיין אויסערוועלטע האָט פון איהם געקראָגען,
פון א גרעסערען ווערט
ווי מיינע ווערטער,
וואָס איך האָב אויפגעבלאָזען ווענען דיר
דיין גרויסע שענקייט צו פאַרדעקען,
ווי מיט א גאז פון געבעלדיגען זילבער ?
פאַר מיר
שטעהסטו אין זעלבען ווערט וואָס זי,
אין דער בלויער, שווימענדיגער לופט,
אַרויסגעגאַרטעלט פון די העלע ווינטען
דורכשניידענדיג די זונשיין.
און די כוואליעס וואָס קומען אָן פאַר דיר
קרייזלען זיך און באַוועגען
די זאמד ביי מיינע פיס.

## אַ מתנה

זעה ! איך גיב זיך דיר אוועק, מיין ליבסטער !
די ווערטער מיינע זיינען קליינע קריגלאך
פאַר דיר צו נעמען און אויף א פּאָליצע אוועקצושטעלען.
זייערע פאָרמען זיינען נעט און שעהן ;
זאַנפטע פארבען און קאָלירען האָבען זיי א סך
צוציען צו זיך.
זייער גערוך פילט אָן דאָס צימער
מיט דער זיסקייט פון געשניטענע גראָז און בלומען.
ווען איך וועל האָבען דיר אוועקגעגעבען שוין דעם לעצטען
קרוג,
וועסטו אין גאנצען מיך שוין האָבען,
אָבער איך וועל זיין דאַן טויט.

אמי לאָועל. אידיש: פון אידא גלאזער.

## פאראנאיא

ט. דילאנ׳ען

ער...
מיט זיינע לאנגע שפיזלען-בליקען
שטעכט ער זיין קרבן
און ווייזט זיינע שפיציגע צייהן.
אנטלויפען?
גאר אין מיטען פון דער גרויסער שטאדט
זיצט ער און וועבט זיין שפין געוועב
איבער דער וועלט.
און פאהרסטו אין א באהן,
צוטראגען די טעלעגראף דראטען
די בייזע הייזעריגע טענער
פון זיין שטים
און כאפען אויף דיין יעדען אטעם
און ברענגען צו איהם.
און אנטקעגען דיר פליהען מויערען און טורעמס,
און דרעהען זיך אין אן אונגעהויערען ראד,
און פאלען אראב הינטער דיר,
ווי אין א שווימינגען ווירבעל,
און ציען דיך צוריק
צו איהם,
און קיינמאל וועסטו פון דעם ווירבעל ניט
ארויסקומען.
און ער זיצט אינמיטען דער שטאדט
און לאכט זיין ביינערדיגען געלעכטער,
און זיין ווייטזיכטיג אויג
דערגרייכט אלין, זעהט דיך אומעטום.
און זיינע לאנגע, לאנגע אקטאפוס ארעמס
קרייזען ווייט, ווייט ארום דיר,
ווי רויב פויגלען ארום א האלב געשטארבענעם.

ניין, ניט אנטלויפען.
באהאלטען זיך ערגעץ נאהנט לעבען אים
פון זיין ווייטזיכטיגען בליק,
און זיינע לאנגע לעדערנע ארעמס,
און זיינע שפיציגע צייהן
און ביינערדיגען געלעכטער.



דאך אמאל...
אמאל קומט פרידען און רוה אויף אים.
און אונקלארע גנשע פארגעפילען,
און דער מאטער אבשיין פון א ווייטער האפנונג,
און דער פערטרוילזכער בליק פון זיין קרבן
דערוואריטען זיין הארץ:
ווי א בלייכער שפיגעל
פון א קראנקער זון פון הינטער וואלקענס
וואלט אויפגעגאנגען אויף זיינע טרוקענע ליפען,
און די קניימשען אויף זיין שטערן
לעזען זיך אויף שטיל און לאנגזאם,
ווי די שאטענס פאר דער מארגענרויט.

נאר מארגען... נאר באלד
הויבט ער ווידער אן זיין געיעג.
די שפיזלען-בליקען וועלען ווידער שטעכען.
די אקטאפוס ארעמס וועלען ווידער זוכען.
זיך שטעלען נעגען איהם מיט א לעצטען ווארט,
אדער באהאלטען זיך ערגעץ נאהנט לעבען אים
פון זיין ווייטזיכטיגען בליק,
און זיינע לאנגע לעדערנע ארעמס,
און זיינע שפיציגע צייהן
און ביינערדיגען געלעכטער.

## פרייד

(אקטאווען)

ז. מאוד׳ען.

איבער פארשטויבטע געלע קארעקטורען
בין איך געזעסען אין א טונקלער שעה.
עס רוישען דרויסען מענשען, אויטאס, פוהרען,
האלב טונקעל, גרוי און פיינליך שטיל איז דא.
נאר וואו ניט וואו געבליבען זיינען שפורען
פון די, וואס זיינען מעהר שוין דא ניטא.
מיין קעצעל גאלאפירט נאר אונערמידליך,
אדער זי זיצט און וואשט איהר פיסעל פרידליך.
„איך וואלט געוואלט א קעצעל זיין, ווי דו,
און אויף׳ן טיש מאי-גלעקלעך זארגלאז רייסען,
און זוכען וואו פארגעסענהייט און רוה

וואָלט איז געגאַנגען, אָנגעקליידט אין ווייסען.
געשעהן איז עפּעס, כ׳ווייס ניט ווען און וואו,
נעם, קעצעל, מענסט מיין האנט, מיין הארץ מיר בייסען:
מיין הארץ איז א פארשטויבטע קאָרעקטור,
פון פרייד איז איצט ניטאָ אין אים קיין שפור.
„כ׳וויל פון מיין נאָמען מעהר די לאסט ניט טראָגען.
געשעהן איז עפּעס, כ׳ווייס ניט וואו און וואָס".
אָן אומבאקאנטע שטים דאָ הער איך זאָגען,
א שאָטען אין דעם קאלטען שפּיגעל גלאָז:
„וועסט מיך פארראטען, איידער נאָך ס׳וועט טאָגען,
זיי שטיל און נידריג, נידריגער פון גראָז."
איך האָב דאָס גלאָז באהאלטען און פארהאנגען.
דאָך העל זיין וואָרט אין מיר איז אויפגעגאנגען.
ווען נאָר דו טראָגסט אין זיך דיין אייגען ליכט,
געהט אויף דיין שטערן אין א טאָג א העלען.
אין נעבעלדיגע טעג שטראלט דיין געזיכט,
און ס׳וועט דיין ליכט קיין זון דיר ניט פארשטעלען.
דיין גרויסע פרייד, אונשטערבליך אין איהר ליכט,
אנטקעגען קומט פון אלע פרעמדע שוועלען.
און אלץ איז דיינס, א בעטלער — ביזטו רייך,
בעקאנט און ניי איז יעדע נעץ דיר גלייך.
איהר טראָגט, וואוהין איהר ווילט, צושפּילטע וועלען.
דער וועג איז ליכטיג, לייכט די לאסט פון פליכט
דער פארבען שפּיעל פון ווערען, זיין און וועלען
איז הערליך, ווי א וואונדערליך געדיכט.
קיין זאַך קען אויף דער וועלט קיינמאָל ניט פעהלען,
און יעדע קליינע פרייד קומט אומגעריכט.
און יעדער פיין איז דאָך אזוי פארשטענדליך,
די פרייד איז טיף און ווי די וועלט אונענדליך...

## אַ גאָזעל

א טיף, שפּיגעלדיג וואסער
איז די רוה פון דיין הארץ.
א שטיל, שפּיעלענדיג וואסער
איז די רוה פון דיין הארץ.

ווען פון האס אָדער צאָרן
ווארפט א שטיין ווער אין דיר,
קרייזען ניפּטיגע שלאנגען
פון דיין בלוטיגען הארץ.



ווען א וואָרט פון ערלייזונג
ווארפט-אַ קריעגער אין דיר,
קרייזען שלאכטורופען קלאנגען
פון דיין מוטיגען הארץ.

קומט א שטערן פון הימעל
זיך צו שפּיגלען אין דיר,
געהען אויף די געזאנגען
פון בעלויכטענעם הארץ.

קומט א קינד ווען זיך שפּיעלען,
ווארפען שטיינדלעך אין דיר,
מיט א שמייכעל א באנגען
קומט דער גרוס פון דיין הארץ.

טרעפט, א הארץ א באשערטע
שפּיגעלט אָב זיך אין דיר,
אין א בליק אייביג לאנגען
ווערט פארלאָרען דיין הארץ.

און עס שטארבען פארלאנגען
אין דער רוה פון דיין הארץ,
און אויף אייביג געפאנגען
ווערט די רוה פון דיין הארץ.

י. קיסין.

## זוניגע קינדער

זוניגע קינדער פון זוניגען לאנד.
זיינען מיר אלע באקאנט, אומבאקאנט;
קינדער, אהערצו, אריין אינ׳ם ראָד, —
גלויבסטו אין אָפּגאָט, צו גלויבסטו אין גאָט.

זוניגע קינדער פון זוניגען לאנד, —
יעטווידער טוט זיך ווי אים איז צום האנט;
איינער טוט שלאָגען דעם קאָפּ אָן דער וואנט,
ווארפט זיך דער צווייטער פון בריק און אין טייך.
זיינען מיר קינדער געבוירענע גלייך,
בויען מיר אויף זיך א גאָלדענעם נעץ,
שפּרייטען אליין פאר די פיס זיך א נעץ,

פלאַנטערען טאַנצענדיגע זיך אריין, —
שוימט אונז דאָס בלוט ווי אין שענק-הויז דער ווייַן.
הויבט אָן צו שוימען און רוישען די שטאָט,
טרובעט אין טרובעס און ציהט אָן דאָס ראָד.
טרובעט אין טרובעס, און פייקעלט נאָך צו, —
בים-בום און בים-בום-טרא-טרא און טרו-טרו.

זוניגע קינדער פון זוניגען לאנד;
ציהט אונז א נים-קיין-געזעהענע האנט,
טיפער און טיפער אין שטאָטינען רויש, —
העי, ס'האָט די האנט אונז אין בלאָטע פארשלעפט!
בלייבען אונז איבער, און געהען אונז אויס
נעכט נים דער'חלום'ט און טעג נים דערלעבט;
בלייבען און ווייִנען פון אָפּגרונט ארוים.

זוניגע קינדער, פון זוניגען לאנד,
טאנצען און דרעהען די ראָד נאָכאנאנד, —
בעסער געטאנצט, אָדער בעסער געדרעהט,
איז פאר אונז אלע איין-ווינ אָנגעגרייט.
ווייזט אונז דעם וועג אָן דיזעלביגע האנט,
פיהרט אונז אין זעלביגען זוניגען לאנד.

א. ניסענזאָן.

## אילוזיע דעלידעלי

וואנזין קאָפּ!
אונטער דעם פאנדעמאָנישען קראמף
פון דיינע אגאָניעס
צעשפילט זיך די קליפה
פון מיין פיבערישער פאנטאזיע.
דו צינדסט אָן,
אין די שווארצע ריגנען
פון מיין אונבאוואוסטזיין,
די מאגישע פייערען
פון מיינע אילוזיעס.
און מיר דאכט,
אז איך בין דער הויפּטמאַן
פון א פאר'כשופ'טער קאפעליע,
וואָס שפּילט אויף בונטע טרומפייטען
א טריאומפירענדע פאנפארע
פון דיין וואנזין.



און איך,
פאָראויס פון דער קאָפּעליע,
געה דורך שריינגעס יונג-פרויען
מיט אנטבלויזטע לייבער,
וואָס באגריסען מיך
מיט גרינע פאקלען, —
באצירט מיט היאצינטען און בלוטשטיינער —
און אקאָמפּאנירען
מיין פאר'כשופ'טען געשפּיל
אויף זילבער-ציטרעס
פון זייער רייץ;
און עס צעשאלט זיך דער אָפּקלאנג
פון זייער אקאָמפּאנימענט
אויף דעם לאזורנעם האָריזאָנט,
ווי בענקענדע נאכט-מעלאָדיעס
פון א שייכע נאָמאדען
ארום א פייער פון שרעק:
דעלידעלי!
דעלידעלי!

— — — — — — — — — — — — — — —

וואנזין קאָפּ!
דו האָסט דעם וויכערישען אימפּעט
פון מיין בלוט
פאר'סמ'ט
מיט דיינע אגאָניעס; —
איצט גרוים איך זיך
אין מיין גרויסער נישטיגקייט
און שפּיגעל זיך
אין די בליאסקענדיגע לאמפּאַדעס
פון דיין וואנזין.

## איך...

איך, וואָס לעב און פרעה זיך,
בין די פרייד פון דער וועלט.
איך בין דאָס רויטע טורעם-ליכט
ביים ברעג פון ים,
אין חושך פון דער נאכט.
א פייער-פלאם בין איך! —
אויף א פארגראָזטען שליאך אין וואלד,
וואָס דערפרעהט דעם מידען וואנדערער.

* *
*

אין רויטען אפגלאנץ פון מיין רײַן,
אנטבלויזטו,
שעהנקייט מיינע,
די זיידענע פיאלעטען-פעדים
פון מיין נשמה,
און א בעט פון טאפאזען.
ארום די מאיאקעס פון מיין גלויבען
ציקלאפירט
דער ציקלאן פון מיין האפענונג.
איך בין דער כשוף
פון מיין הארץ.

בערנארד לואיס.

## ארטעריאסקלעראזים

און אויב, אין לויף פון דיינע טעג,
האסטו מיט גבור-קראפט געזיגט
איבער ווערימלעך אלערליי,
וואס האבען מיליאסענווייז
געלויערט אומעטום אויף דיר.
און אפגעבליאקעוועט האסטו דיין הויט אין קאמף.
און פארלוירען האבען דיינע האר די קראפט
און ווי גראז פארוויאנעטער געגראט זיך
לעבען דיינע שלייפען.
הערסטו דען ניט,
אין דעם לויף,
אין דעם פליס,
פון דיין בלוט אין דיין מארך
זינגען ווי א גריל,
זינגען ווי א מיטום-ווארים,
זינגען צו דעם טאקט
פון א לאפאטע-גראב אין דער שווארצער ערד.
ארטעריאסקלעראזים.
ארטעריאסקלעראזים.

און האט דיר די אויבערמאכט באשערט
א לעבען ווי א זומפ א פרידיגס;



מיט טעג וואס ציהען זיך
ווי א לאנגער נודנער נגון,
מיט נעכט לעבען א ווייבעל א געטריים,
וואס דערלאנגט די שטעק-שיך דיר,
ווען קומסט אין הויז
און לאזט הערשען איר זעל,
צווישען די מאסיווע מעבעל אין דיין הויז.
אויך דאמאלס וועבט א שפין זיך רוהיג,
מיט מערדעריש געדולד, אין מח ביי דיר זיין נעץ.
און צום טאקט פון זייגער וואס קלאפט.
און צום טריל פון קאנאריק אין דער פריה,
און צום סקריפ פון דיין וויג-שטול אהין-צוריק,
זינגט דיין בלוט דאס לאנגזאם-צושטערענדע ליד.
ארטעריאסקלעראזים.
ארטעריאסקלעראזים.

ארטעריאסקלעראזים.
א געדולדיגער גזלן וואס לויערט אויף די וועגען
ארטעריאסקלעראזים
דער מוז וואס מוז געשעהן.
ערגעצוואו איז א בלאט א פארוויאנעטער פון בוים געפאלען.

הארך דעם שארך.
הארך דעם רויש.
ארטעריאסקלעראזים.
ארטעריאסקלעראזים.

יעקב גלאטשטיין.

## איך בין דיין פעהיגסטע שילערין . .

איך בין דיין פעהיגע שילערין, מיין ליבער.
איך האב זיך גיך אויסגעלערענט די סודות פון ליבע.
און וואס דאס לעבען ארום מיר איז טריבער,
אלץ קוק איך אפטער אריין אין די סודות פון ליבע,
און איך חזר זיי, חזר זיי איבער.

איך בין דיין פלייסיגע שילערין, מיין ליבער.
און וואס איך קוק אפטער אריין אין די סודות פון ליבע,
ווערט מיין בליק אלץ טריבער, אלץ טריבער.
און וואס טיפער איך קוק די סודות פון ליבע,
ווערט דער טויט מיר אלץ ליבער, אלץ ליבער.

## מיין גאסט

ביזט ווילקאם, ביזט ווילקאם, מיין גאסט.
ווארף אראב פון דיין לעבען די לאסט.
טו זיך אויס, רוך זיך אויס
אין מיין ליכטיגען הויז,
וואש די הענט, דיינע פיס,
זעץ מיט מיר זיך ביים טיש,
שטיל דיין הונגער — דיין דורשט
אויף מיין ברוסט, אויף מיין ברוסט.
אך, ווי היים איז דיין לייב!
זאל איך זיין היינט דיין ווייב?
טו א רוף, טו א רוף —
וועט זיין דיינער מיין גוף.
נעם אים, נעם אונגעשטערט,
איך וויל זיין היינט דיין קנעכט.
פאר מיין גאסט, פאר מיין גאסט
ווייס איך ניט, וואס איז לאסט.

## ווי זאפטיג רויטע עפעל

ווי זאפטיג רויטע עפעל גיסען זיך אין מיינע באקען
אויף דער זון מיט רויטען פלאם.
נאר איך האלט זיך קוים-קוים אויפ'ן בוים,
און היינט-מארגען פאל איך צו דער ערד.
און ווען עמיצער, פארבלענדט פון מיינע רויטע באקען,
וועט א הויב טאן מיך פון דער ערד,
וועט ער גלייך פול מיט עקעל און מיטלייד
מיך צוריק א ווארף טאן.
ווייל אויסגעגעסען פון ווערים איז מיין הארץ,
און דער גרויסער פעטער ווארים — ליידענשאפט
קריכט קיינמאל ניט ארויס פון מיין זאפטיגען קערפער.
א פארווארפענער וועט ער מיך צופרעסען
ביז צום טויט.

ציליע דראפקין.



## טירען

(נאך היינעראן)

ווי א קינד, וואס צו זיין מוטערס טיר
לויפט לעבהאפטיג נאך איר ווילקאמענדיגען קוש,
און טרעפט די טיר פארשפארט, און מיט א צושראקענעם
געזיכט
רופט ער צו איר; מיט טרערען שרייט ער דורך דער טיר,
און רופט, און רופט, און קלאפט מיט וועהטאג אין דער טיר—
אזוי שטעה איך איצט פאר א טיר
וואס וועט ניט עפענען זיך מעהר;
און קראנק און ציטערענדיג
ווארט איך מיט אנגסט איצט אויף א ווארט
וואס וועט ניט קומען מעהר,
און זעה שוין איין — איך קען ניט מעהר אריינקומען אהער...

שטיל און שטום! און דורך דער פינסטערניש און שטילקייט
פון פארשפארטער טיר, קלאפט אהן אן אויפהער אין מיין
גייסט
דער ווייטער טרערען-שלוכץ, ווי אין די צויבער-ברעגען
קלאפט זיך אן דע צויבער-ים.
און דורך דעם שלוכצען —
ווייט, אויף דער גאנצער לענג פון קארידאר פון יארען,
הער איך, איינס נאך איינס, דעם שטילען
צושליסען פון טירען...

אירא גלאזער

## ווען די לויב-גייציגע זון...

ווען די לויב-גייציגע זון
דערפילט אויף זיך
דעם ציניש‏ען בליק
פון דעם כיטרען אויג פון נאכט —
ציט זי איבער זיך אריבער א וואואל.
איבערזעטיגט —
מיט דעם לויב
פון דעם חניפה'דיגען טאג, —
גיט זיך אונטער,
מיט א זיג-געלעכטער
אין איר גיהנום-אויג,
צום בלייכען ליכט פון גזיר —
נאכט.

און ווען דער טויבער אויער פון דער נאַכט
דערהערט,
באגינען,
די פאלשע עכאָ
פון איהר אייגענעם געלעכטער —
ווערט איהר שטרייננער פנים בלייך !
גנב'עט זיך
די זון ארוים
פון א בארג־שוים,
דער מאָרגענשטערען דעקט אויף איהר וואואל :
קוקט זי
אויף דעם פארקרימטען פנים
פון דער נאכט,
שטעכט איהר,
שטיסעריש,
מיט א באגינען־שטראל אין אויג,
און — שמייכעלט !

## די קאַלטע הענט פון צייט...

די קאלטע הענט פון צייט
האָבען אָנגערירט
מיין פאָטער'ס ברוינע האָר —
האָט יעדע דינע האָר געטאָן א ציטער, —
ווי דאָס גראָז,
וואָס פילט אויף זיך דעם ערשטען פראָסט.
ווי די גרינע קרוין
פון א געדיכטען בוים,
אין א ווייסען הערבסט־באגינען —
ווען די קאלטע מאָרגען־זון
באגילט דעם זילבער־שימער
פון דעם ערשטען פראָסט : —

— — — — — — — — — — —

דער יונגער,
באפראָסטיגטער קאָפּ
פון מיין פאָטער !



## וועהטאָגען

וועהטאָגען —
לידער מיינע !
אינפולסען —
זודיגע ליכט־פאָנטאנען
פון מייע עקזאָטישער נשמה !
דינע,
זיגזאגיגע שטאָל־פינגער,
רויט־אָנגעברענט
אויף די פייער־צונגען
פון מיינע מארק־נייזערס,
ציען זיך, —
צו מיין הארץ.
שפילען
אויף אירע נערוועזע,
ציטעריגע אָדערען — — —
שפרינגט מיין בלוט :
וויינט און זינגט.
אן אימפעט יאָגט מיין הארץ,
טאנצט זי,
אין קאראהאָד
פון אירע אייגענע
פלאמיגע פאָכערס !

ש. קורץ, פילארעלפיא.

## װינטען

א.

דיין ווייס קלייד אויף מיין גרין גראָז און הימעל בלוי
און אויבען שווארץ,
און רויטע קוואלען וואָס פליסען
אין דיין וועלט און מיין,
מישען דאָך אלע קאָלירען
אין איין וועלט אין מיין,
אין איין וועלט אין מיין,
אין איין וועלט אין דיין.

ב.

מיין פאָלק ! מיין פאָלק ! — דיין איין איינציג קינד
איז פארשפרייט אויף אלע לענדער און אויף זיבען ים'ען,
און די ווינטען פון דער וועלט יאָגען זיך אין צאָרן און זוכען —
מיך.
און איך בין אין זיי און איבער זיי, און אין אלץ און איבער
אלץ.
איך בין זייער נאָמ אין ווען זיי האָבען ווידערשפעניגט —
און זיי וועלען נאָך פאלען אין דעם שטויב פון מיין פיס !

ג.

שווארצבלוטיגע פלעקען וויקלען זיך וועלטען.
נאָך יעדער טויט אָ נייי דור.
מיר פלאָנטערען זיך אין דורות שטופען אונז :
— לאָז אונז געהן !
נייע קולטור און נייער לעבען בלאָנזשען
אונטער אונז,
קענען פון אונזער פלאָנטער ניט ארויס.

ד.

פייער אין פעלד !
פליגען ווארעמען זיך און פליהען ארום א קאראהאָד,
און איינער באזונדער זשומט דארט ערגעץ א געזאנג.
ווארעמע וועלטען צינדען די ראנדען פון הימעל,
און איך בין אין פייער פון הימעל און ערד.

הערמאַן גאָלד.

## דיין וועג

דיין וועג איז ניט מיין וועג.
דיין לעבען איז א שטילער פריעדען
און מיינער — א מלחמה־פעלד.
האָסט דיין נשמה־רייכטום שטרענג געהיט, און אלץ
פארמעהרט
און די הכנסה דיינע האלט אין וואקסען...
דיין וועג איז ניט מיין וועג...
דיין יוגענד האָסטו ניט פארשוועגדט אין פוסטען שטאָלץ,
אין יאָגעניש נאָך רוהם אויף דעם מלחמה־פעלד פון לעבען...
דיין וועג איז ניט מיין וועג...



דו דארפסט ניט קיינעם ארום זיך.
און טרעפסט א מענשען אויף דיין וועג
דיין הארץ אוועקצוגעבען —
ווערט ליכטיגער דיין ליכטיג לעבען.
דיין וועג איז ניט מיין וועג...

אליין ביזטו פאר זיך א־וועלט, אין כשוף קרייז פארשלאָסען ;
און איך — פאר מיר איז קארג די ברייטע וועלט —
און בלייב מיט זייפען־בלאָזען...
דיין וועג איז ניט מיין וועג....

אידא גלאזער

## אָנהויב נאָוועמבער

איין שטיק הימעל — בלוי,
א צווייטע —
גרוי.
און צווישעןביידע שטיק
אויף זילבער שטריק,
הייננט א קופערנע צוגליטע בלעך
ארומגעלייגט מיט פעך.
ביימער — גרינע שירעם'ס אפבלאקירט
אויפגעמאכטע שטעהען ;
בלעטער — געלע, דארע שטיקלאך לעדער
קופעס ווייז צעווישען די אלייען.
די לופט, ווי שארפער ספירט,
מאכט הארב אין נאָז ;
ווי א צען־וואָכיג ניט געגאָלטע באָרד
שטעקט פון דר'ערד ארויס דאָס געלע גראָז.
קראנקע, ווייסע, זומער־פייגעל שטעהען,
אויף א נידעריגען ברוינעם קוסט,
ווי ווייסע פלעקען אויף א נענער־פרוים ברוסט.
א ווינטעל קיל און שארף
ברומט און זשומט,
ווי ס'וואָלטען פינגער בלויז באַרירט
די גראָבע סטרונע פון א הארף.

ה. גורעלמאַן.

## פּאָלג איך נאָך ...

פּאָלג איך נאָך דעם שטערען אין מעריב־זייט
און לאָז זיך ווייטער געהן,
ביז כ'קום צו א פּיערעקיג קוואלכעל צוגעהן.
אן'אלטער, דארער בוים, אנ'איינזאמער,
אויף מיילען און מיילען,
שטעהט איבער'ן קוואלכעל געבויגען
און וויינט זיינע בלעטער אין שווארצען קוואלכעל אריין.
פּלוצים האָט א סאָווא אויף'ן בוים,
מיין נאָמען אָנגערופען.
וויל איך געהן צוריק,
שטעלט זיך א דיקער זייל שטאָק־פינסטערניש פאר מיינע אויגען.
נעם איך מיין לאנגען מעסער און שנייד די פינסטערניש אויף שטיקער,
שלאָגט אדורך א רויטער שיין
פון א דרייעקיגער לבנה,
און אויף מיילען טראָגט זיך דער געברִיל פון טיגער,
און די סאָווא רופט נאָך אליין מיין נאָמען.
ווער איך אויף אנ'אמת בייז און צושריי זיך:
איך בין דאָך דער „שינגנאַ,
ווען אפילו מיינע קליידער זיינען צוריסען,
ערגעץ וואו מוז דאָך מיין גע'ישא א געבונדענע ליגען.
צולאכט זיך די סאָווא אויף דעם אלטען, דארען בוים,
און עס ברילט נאָך אליין דער טיגער.
ווייס איך, אז ס'איז מיין מזל
מיט צובלוטיגטע פיס,
אויף דעם כשוף־וועג ווייטער שפאנען,
ווייל ערגעץ מוז דאָך מיין גע'ישא א געבונדענע ליגען.
פּאָלג איך נאָך דעם שטערען אין מעריב זייט
און לאָז זיך ווייטער געהן.

יעקב גלאַטשטיין.



אהרן גורעלמאן.

1919



שמואל ניגער



# ל. מילער

(אויף גאָטס וועלט. לידער פון ל. מילער, ארויסגעגעבען פון פארלאַג „אמעריקא"
„אמעריקא")

## א.

## באַזינונג

— איר האָט געלייענט ל. מילער'ס לידער ? — האָט מיר גע־פרעגט א גוט באַקאַנטער דיכטער, און איידער איך האָב נאָך צייט געהאַט צו זאָגען „יע" אָדער „ניין", האָט ער אויפ'ן שטעל צוגעגע־בען : איך רעקאָמענדיר אייך דעם ביכעל... לייענט עס...

געזאָגט האָט ער עס אין אזא טאָן, ווי עס האָט אמאָל וואַר־שיינליך געזאָגט טורגעניעוו צו טאָלסטאָי'ען, ווען ער האָט אים רע־קאָמענדירט צו לייענען א ביכעל פון מאָפּאַסאַנ'ען.

דעם אמת געזאָגט :

שוין זעהר לאַנג, אז איך האָב אונזערע דיכטער ניט געלייענט. מיט י. ראָלניק'ס לידער האָב איך פארשלאָסען דעם טויער פון פּאָ־עזיע. אמת, איך האָב פארשלאָסען מיט א גוטען שלאָס. אָבער דאָך האָבען פאַר דער צייט פיעלע לופט־שטראָמען דער וועלט צוטריי־סעלט. פיעלע אונבאַדייטענדע דיכטער, האָבען צייט און געדולד געהאַט, זיך באַריהמט צו מאַכען. און איך בין נאָך אַלץ פארבליבען דער זעלבער ווי געוועזען : ווייט פון דעם פּאָעטישען מאַרק־טומעל.

און עס גיבען דאָך צייטען, וואָס איך ווער סענטימענטאַל ווי דער קלאַנג פון א פלייט אין א לבנה נאַכט. און עס איז דאָך אויך א מאָל געוועזען א צייט, וואָס איך אויך האָב פערזען געמאַכט, ווי עס האָט אמאָל מיט שטאָלץ, דער דאַמאָלט זיבענצעהן יאָריגער, אַלפרעד ד'מיוסע, געזאָגט... און דאָך, האָב איך אזא לאַנגע צייט אונזערע דיכטער ניט געלייענט.

עס פאַרדריסט מיר.

און וואוהין זייט איר טעג פון מיין אונשולדיג שניי־ווייסער יוגענד פארשוואונדען ?

וואו זיינען די חלומות, וואָס די יוגענד האָט געוועבט און גע־מאָלען מיט אַן איבערפלוס פון בונטע פאַרבען ?

און עס איז דאָך געוועזען א צייט, ווען אין די לאַנגע, איינטאָניגע ווינטער נעכט, אין די נעכט פון אנגענעמער איינזאַמקייט און יו־גענד־טרויער, בין איך געזעסען פאַר דעם רויטען שיין פון אומטאַנ־צענדען לאָמפּ־פייערל, און געלייענט מיט גליהענדע אויגען און מי־



שמואל ניגער



# ל. מילער

(אויף נאטס וועלט. לידער פון ל. מילער, ארויסגעגעבען פון פארלאנג „אמעריקא")

## א.
## באזינונג

— איר האט געלייענט ל. מילער'ס לידער ? — האט מיר גע־פרעגט א גוט באקאנטער דיכטער. און איידער איך האב נאך צייט געהאט צו זאגען „יע" אדער „ניין", האט ער אויפ'ן שטעל צוגעגע־בען : איך רעקאמאנדיר אייך דעם ביכעל... לייענט עס...

געזאגט האט ער עס אין אזא טאן, ווי עס האט אמאל וואר־שיינליך געזאגט טורגענעוו צו טאלסטאי'ען, ווען ער האט אים רע־קאמענדירט צו ליינען א ביכעל פון מאפאסאנ'ען.

דעם אמת געזאגט :

שוין זעהר לאנג, אז איך האב אונזערע דיכטער ניט געלייענט. מיט י. ראלניק'ס לידער האב איך פארשלאסען דעם טויער פון פא־עזיע. אמת, איך האב פארשלאסען מיט א גוטען שלאס, אבער דאך האבען פאר דער צייט פיעלע לופט־שטראמען דער וועלט צוטריי־סעלט, פיעלע אונבאדייטענדע דיכטער, האבען צייט און געדולד געהאט, זיך באריהמט צו מאכען. און איך בין נאך אלץ פארבליבען דער זעלבער ווי געוועזען : ווייט פון דעם פאעטישען מארק־טומעל.

און עס גיבען דאך צייטען, וואס איך ווער סענטימענטאל ווי דער קלאנג פון א פליים אין א לבנה נאכט. און עס איז דאך אויך א מאל געוועזען א צייט, וואס איך אויך האב פערזען געמאכט, ווי עס האט אמאל מיט שטאלץ, דער דאמאלט זיבענצעהן יאריגער, אלפרעד ד'מיוסע, געזאגט... און דאך, האב איך אזא לאנגע צייט אונזערע דיכטער ניט געלייענט.

עס פארדריסט מיר.

און וואוהין זייט איר טעג פון מיין אונשולדיג שניי־ווייסער יוגענד פארשוואונדען ?

וואו זיינען די חלומות, וואס די יוגענד האט געוועבט און גע־מאלען מיט אן איבערפלוס פון בונטע פארבען ?

און עס איז דאך געווען א צייט, ווען אין די לאנגע, איינטאניגע ווינטער נעכט, אין די נעכט פון אנגענעמער איינזאמקייט און יו־גענד־טרויער, בין איך געזעסען פאר דעם רויטען שיין פון אומטאנ־צענדען לאמפ־פייעריל, און געלייענט מיט גליהענדע אויגען און טי־

פון געפיהל דעם לערמאנטאוו און בייראן, און גלייך מיט זיי אזוי טיעף און שעהן איבערגעלעבט דעם גרויסען וועלט־שמערץ און דעם ווייכען סענטימענטאלישען טרויער.

און האט דען ראמאלס א ברענענדיגער פארלאנג צו דיכטען ניט באזוכט מיין הארץ ?

און איך האב אויך פערזען געמאכט.

מיינע פערזען האבען ניט געקלונגען. אבער איך בין אין דעם ניט שולדיג. שולדיג זיינען יענע, וואס האבען בעסער געזונגען. ווייל דאמאלס איז גראד געווען די צייט, ווען א גרויסער כאר פון אמת'ע דיכטער, האבען זייערע שטימען געלאזט הערען. און זייערע צארטע וואַרשיינליך, לאנגע פינגער, האבען פון דער לירעס און שולדינע סטרונעס גאלדערנע קלאנגען ארויסגענארט.

און אזוי איז מיין שטימע פארלארען געגאנגען. און איך אליין האב זיך דערווייטערט פון דאס עכטע און ערהאבענע, — און אין מיטען :

— האט איהר געלייענט ל. מילער'ס ביכעל לידער ?...

די פראגע געשטעלט צו מיר פון א דיכטער האט אביסעל מיין גלייכגעוויכט צוטרייסעלט. איך בין געווארען נייגעריג.

— לייענט עס, אינטערעסאנט צו הערען אייער מיינונג, — האט דער דיכטער געזאגט און א לייכטע, קוים מערקבארע, איראַניע, האט זיך אויסגעליינט ארום זיינע מויל־ווינקלען.

איך בין געווען געריהרט און געשמייכעלט.

ב.

## אלטע און נייע דיכטער

א בוך, ווי א געזיכט, פאנגען גאנץ אפט מיט'ן ערשטען בליק :

— דער ערשטער איינדרוק.

ל. מילער'ס ביכעל לידער „אויף גאט'ס וועלט". האט מיר מיט'ן ערשטען קוק ניט געפאנגען. עס איז מיר ארויף אויפ'ן געדאנק : א קליינשטעטלדיגע מיידעל, וואס האט נאר וואס אפגעשארען די האר און רויכערט א פאפיראס דערצו.

אנהייבענדיג מיט'ן נאמען און ענדיגענדיג מיט דעם שלעכט איבערגעצויגענעם און פארקריפעלטען בראוויר. האט זיך אויך דער גאנצער אויסערליכער זייט געפיהלט אן אנגעצויגענקייט און יאגע־ניש נאך עפעקט.

שוין די ברודיגע עקזאטישע צייכנונגען, איצטער שוין בירגער־ליך און באנאל, האבען דייטליך אונטערגעשטראכען דעם קליינ־



שטעטלדיגען באגריף און געשמאק. עס האט געמאכט דעם איינ־דרוק, אזוי ווי די ארויסגעבער וואלטען זיך באזונדערס אפגעגעבען און זעהר זארגפעלטיג געמיהט זיך, אז דאס ביכעל זאל האבען די פולע בירגער רעכט צו ליגען געמיטליך אויף א טישעל אין וועלכען עס איז סאלאן אדער בודואר פון יעדער בירגערליכער, האלב־אונשול־דיגער דאמע פון דער וועלט.

נאר ביכער, ווי פרויען געזיכטער, נארען גאנץ אפט. און ווען איך האלט זיך אן דעם כלל פון דער גוטער און קלוגער וועלט און ווייבער ווייזהייט, וואלט איך זיכער געשטארבען מיט א שלעכטען איינדרוק פון ביכעל, — און דאס וואלט דאך געווען אזוי ברוטאל אונגערעכט !...

איך האב אבער דעם ביכעל לידער גענומען לייענען. און אלץ וואס מעהר איך האב געלייענט, אלץ מעהר האט זיך גענומען אויס־וועבען און אויפלויזען דער ערשטער איינדרוק, און פון די בלעטער, און פון די שורות האט גענומען ארויסוואקסען די געשטאלט און נשמה פון אן עכטען דיכטער.

די דיכטער פון אונזער נייעם דור, האבען גלייך מיט די מעלות זייערע חסרונות. אי די מעלות, אי די חסרונות זיינען ביי די מאַ־דערנע דיכטער שארף אויסגעשפראכען : ביידע צוגלייך שרייען. ביידע זיינען איבערפולט מיט שוים און פאזע.

די דיכטער פון די פארגאנגענע דורות, זיינען אלע געווען אין א געוויסען זין ריין פון די פעלערען, וועלכע מען קען פארווארפען די מאדערנע דיכטער. פאר זיי, פאר די אלטע מייסטערס, האט אויסער, די טיפע עמפפינדונג פון דער דיכטער קונסט, אויך די טעכנישע קונסט פון שמידען די פערזען געשפילט א גרויסע ראליע. דער פרייער פערז איז א פראדוקט פון אונזער צייט, און איז אין א געוויסער מאס אין איינקלאנג מיט דעם טאן און גייסט פון אונזער יאר הונדערט.

די אלטע דיכטער זיינען, אין א געוויסען זינען, געווען מיט זייערע עמפפינדונגען מעהר איינגעשלאסען אין אן איינגערען קרייז פון פערזענליכע איבערלעבונגען. עס האט פאר זיי דאמאלס גע־פעהלט די שרייענדע פארשידענארטיגקייט פון אונזער צייט. דער־פאר אבער, אין דער מאס, וואס דער גייסט און דאס געפיהל־לעבען, האט ניט געקענט זיך צוברעקלען אויף טויזענדע שטיקער, אדער זיך אויסשפרייטען אין דער ווייט און אין דער ברייט, איז ער געצוואונ־גען געווען צו זוכען פאר זיך פלאץ אין דער הויך, אדער אין דער טיף. דעריבער אטעמט פון די אלטע דיכטער א וואוילפיהלענדע

דערהויבענקייט און געטליכע פארטיפונג : ווארים די צייט, ווי די לופט, האט געאטעמט מיט לירישער באזינונג.

עס האבען דעמאלט די קוימענס קיין שווארצען רויך ניט געשיקט אין דער הויך. ראטפף און קעסלען זיינען נאך געלעגען ווייט הינטער די מויערען פון דעם אינדוסטריעלען געראנג. עס האבען די שטערט ניט געבלאנקט מיט מיליאנען עלעקטרישע ליכטער. עס האט זיך ניט געפיהלט דער מארקטומעל פון מיליאנען מענשען פארזאמעלט אויף איין קליינעם אינזעל. עס האט דאמאלט דער וואַרעוויל נייסט ניט ארומגעכאפט די מענשען, אום אלץ צו קענען פארוואנדלען אין א פונען־פארשטעלונג. עס האט די ארגיע פון ביליגער געשמאקלאזינקייט ניט געהאט א צוטריט אין די רוהיגע געצעלטען : — ווייל איינטאניג און שלעפעריג, ווי אין א הייסען זומער טאג, האט זיך די צייט געצויגען. עס איז געווען טאג, און עס איז געווען נאכט. און א זון איז אויפגעגאנגען און א זון איז פארגאנגען. דאס גאנצע אינערע לעבען איז געווען צונויפגעצויגען אויף איין פונקט. די צייט איז געווען אונבאגרענעצט. דער גייסט האט זיך ניט צובראקעלט אויף טויזענדע שטיקער; ער האט ניט געהאט די אויפגאבע צו פארזוכען, ווי א קוכער אין א גרויסען האטעל, פון יעדער זאך צו ביסלאך. דער טעמפ איז געווען א לאנגזאמער און רוהיגער.

אבער גאנץ אנדערש איז שוין אין אונזער יאהרהונדערט :

דער עכטער און ריינער סוביעקטיווער ליריזם ביי די דיכטער פון דעם פארגאנגענעם דור, איז ביי די מאדערנע דיכטער פארביטען מיט א מעהר לייכטערען, מעהר שפרינגענדען אביעקטיווען ליריזם. זייערע מאטיוען זיינען פארשידענארטיגער און דער ריטהם איז אין איינקלאנג מיט דער נערוועזער אונרוהיגקייט און פולס שלאג פון דער שטאדט. זיי קומען צו נענטער צום אלטאגס לעבען, אבער אין דעם זין פון לירישער פארטיפונג זיינען פלאכער און ענגער.

די מאדערנע דיכטונג איז שארף, אויסגעשפראכען און שרייענדיג. די רעליגיעזע פארטיפונג פון א ווערלען ווערט פארביטען מיט׳ן טיק־טאק ריטהם פון א שרייענדען און באגייסטערטען. דער ווייכער, נאאיווער ראמאנטיזם פון אייכענדארף און דער שענער, וואוילגעבארענער ראמאנטיזם פון אלפרעד ד׳מיוסע ווערען פארביטען מיט א נעקינצעלטע אויפגעבלאזענקייט און זעלבסט־באגייסטערונג.

די אלטע מייסטערס האבען געשמידט זייערע פערזען : אלץ איז געווען געוואגען און געמאסטען. זיי האבען אויסגעהאמערט



און אויסגעגאסען, אהן דעם מינדסטענעם פארזוך צו סטיליזירען.

די מאדערנע דיכטער זיינען מעהר נערוועז און ראפאנירטער. זיי זיינען די, וואס זיינען פארזאמעלט ארום א גרויסען בארג פון קולטור. זיי זיינען די, וואס שטעהען אויף א בארג פון טויטע מייסטערס. זיי זיינען איבערזעטיגט פון דעם גרויסען גייסט פון די אלטע. זיי זוכען זיך איצטער מיט׳ן גייסט צושפילען, ווי זיי שפילען זיך מיט געדאנקען, ווערטער און בילדער. זיי קענען זשאנגלירען מיט פארבען, זיי קענען די נאטור און הימלען איבערפארבען. — צויבערער פון ווארט.

## ג.

## ליכטיגע טעג

ל. מילער איז איינער פון זיי, און איז פאלגליך געשטעמפעלט מיט די אלע חסרונות און מעלות.

דורך מילער׳ס גאנצען בוך לירער לויפט דורך א לוסטיג קלאפענדער טאקט. און דאס איז דער טאקט, וואס גיט א געלעגענהייט צו אנעמען, אז מילער איז א דיכטער פון פרייד.

עס וואלט דאך גאנץ נאאיוו געווען, ווען אימעצען וואלט היינט צוטאג איינפאלען אונז צו איבעראשען מיט פרייד געזאנגען צו דער וועלט און לעבען, ווי עס האט עס אמאל געטהאן וואלט וויטמאן און ווי נאך פיעלע טוען עס היינט: אז די אלע האבען איבערגעטריבען זייער פריידיגען פאטהאס און אים גאנץ אפט דערפיהרט צו לעכערליכקייט.

וויטמאנ׳ס אונבאגרענעצטע לעבענס־פרייד און לענוים איינבאגרענעצטער טרויער אנן וועלט־שמערץ ווירקען גאנץ אפט שלעכט אויפ׳ן גייסט פון ראפאנירטען. ביידע פארפעלען דעם צ״ל: די אבגעשאסענע פיילען מאכען אז א פייפעריי אין דער לופט, אבער טרעפען קיין הערצער ניט.

דער פעסעמיזם פון בייראן אדער לערמענטאוו ריכטעט יעם נעמיטה פון א בי מאל, און ער פארפיינערט און פאראיידעלט, אבער אויב דער דיכטער דריקט צו פיעל אויף אט דעם פונקט, אויב ער אונטערשטרייכט העפטיג א געוויסען סענטימענט, דעמאלט איז פאר אים זעהר לייכט ארייצופאלען אין א וויינענדיגען טאן : און טרערען און געוויין ערנידעריגען און באליידיגען.

פיעל אונאנגענעמער זיינען יענע דיכטער ביי וועמען די נשמות און הערצער טאנצען פאר פרייד. יענע פייקלען, יענע טרומייטערן : רופען אלעמען צום גרויסען לעבענס־יאריד, און דורך א שפרע־

רער לאזען זיי אלעמען וויסען, אז זיי איז פרעהלאך, אז זיי איז גוט, און די וועלט און לעבען האבען א גרויסען זין און אינטערעס.

איך גלויב נים אט די העראלדען פון פרייד, און מיר ווערט אויך נים פרעהליכער פון זייער יובלען.

ל. מילער איז אבער נים קיין דיכטער פון פרייד און יום טוב. ער האט נאר פארהיימליכט א סינקאפען־ריטהם. און דאס איז דער ריהר, דער טעמפ, וואס נארט אפ אויף א ווײלע. מילער דיכטעט ווי עס איז איינען, אז עמפפינדליכע נאטורען זאלען דיכטען. און עס בייטען זיך זיינע שטימונגען און טענער, ווי עס בייט זיך דער פארב און טאן פון וואסער אין ים אין פארלויף פון טאג. עס גיבען פאר אים ווירקליך מאמענטען, וואס זיין הארץ און דאס גאנצע זונענשייניגער לעבען זיינען איינגעוויקעלט אין א שלייער פון דערהייבענקיים און "Salut au Monde" שטימונג. אבער דערנאך קומען מאמענטען פון באזינונג און שווערמוטה, און די לידער אטעמען מים טעלאנכאליע און באנגען. און נאכרעם, ווי דער דיכטער לאזט פארביי אונז אין ראשען טעמפ לויפען א גאנצע רייהע פון „ווייסע יום טובים", „ליכטיגע טעג" און שטארט בילדער, זאגט ער דאך צום לעצט :

„מיר חלום'ען אלע, א חלום א וויסטען, א בייזען,
מיר קרעכצען ווי קראנקע פון שלאף, און מיר וויינען און שרייען,
נימא ווער עס זאל אונז פון חלום פון בייזען באפרייען,
נימא ווער עס זאל אונז פון אונזערע שרעקען ערלייזען.

און אפשר וועט עמיצער קומען און וועט אונז אויפוועקען,
דאן וועלען מיר קיינער נים גלויבען די אייגענע אויגען
און לאכען, ווי קינדער פון חלום, וואס איז שוין פארפלויגען,
און וועלען אין פרידען דערציילען די פיין און די שרעקען".

ד.

## אויף נאמס וועלט

מילער פארנעמט זיך אביסעל צופיעל מיט זיין „איך" אין דער אבטיילונג „דאס ליד פון מיין איך", וואו ער זוכט זיך אליין כעמיש אנאליזירען און ערקלערען אין פארשידענע וועגען און מאטיווען. עס איז פילייכט נים דער וועג פון דער נשמה אזוי הויך און ליארעמדיג וועגען זיך אליין צו זינגען. אבער דאס איז דאס ליער פון אונזער ציים, וואס געפינט די וועגען פון דער נשמה פאר באנאל.



עס איז אפילו שווער צו אנעמען פאר זיכער, אז דאס איז אזוי ווי מילער זינגט :

„איך בין געקומען אויף נאמס וועלט
נים געצוואונגענערהיים,
און אוועקגעהן וועל איך אויך
מים מיין גוטען ווילען"...

מילד גערערט איז דאס נים לאגיש, ווייל, ווי מיר דאכט זיך, קומען מיר אויף דער וועלט דורך אימעצענס א ווילען, בעסער געזאגט ווילענלאזינקייט, און געהן, אין מיליאנען פאלען, אוועק נעגען אונזער ווילען... אבער דאס איז א קלייניגקיים !...

דערהויפט איז אבער נים אין גאנצען וואוילקלינגענדיג פאר'ן אויער צו הערען דעם דיכטער זינגענדיג פון זיין אייגענעם „איך" אין די שענסטע ארעקטיוזען, ווייל אויסער דעם, וואס דער מעטאר פון זינגען קען אנגענומען ווערען פאר א מאניער און פאזע, איז עס נאך אונטערגעווארפען דער געפאר צו ווערען נאר אין גיכער צייט פראווינציעל און באנאל. און א אמת'ער דיכטער דארף, ווי ווייט מעגליך, אויסמיידען אט די אלע מאניערען און עפעקטען.

דערפאר איז דער זעלבער דיכטער באדייטענד קרעפטיגער און שעהנער אין דער אבטיילונג „פרויען, פרויען", ווען ער רערט פון זיין ליבע צו אנרערע.

עס איז נים דער ערשטער פערז :

„דו ביזט מיין גאט !
און איך מים הארץ און לייב צו דיר באלאנג"

וואס מאכט די לידער פון דער אבטיילונג „פרויען, פרויען" פאר אויסגעצייכענטע. אט דער פערז איז אן אויסרוף, אן אויסגעשריי, פילייכט נים אין צייט, אבער דערפאר זיינען די איבעריגע לידער פון דער אבטיילונג עכט און אטעמען אלע מים איינפאכקייט און אויפריכטיגקייט.

מילער איז אויסגעצייכענט פון די אלע איבעריגע דיכטער, וואס ליבען און זינגען דערמיט, וואס ער זינגט נים דירעקט צו אן אויסגעטראכטע אדער פארגעשטעלטע בעטריצא אדער לאורא. מערסטענס דערצעלט ער אין זיינע לידער מיט אן אנגענעמען און גוטען טאן וועגען זיין ליבע, און מערסטענס שילדערט ער טריי און וואריהאפטיג די גאנצע יונגע ליבעס אומגעבונג.

און אט וואס ער דערצעלט אין ליד „א סוד" :

„איך געה ארום אין שטוב און שמייכעל שטילערהיים,
און די באקען מיינע פיהל איך פלאטען.

עס פרעגט די מאַמע, וואָס עס איז מיט מיר די פרייד
און דער טאַטע לאַכט פון מיר.
נעמ רערצעל דעם טאַטען און דער מאַמען,
אַז דאָס קומ איך ערשט פון איר.

אָהן אויפהער זינגט מײַן האַרץ איר ליבען נאָמען אויס,
אין האַרצען גלעטען ווייכע סאַמעטע בלומען.
זי האָט מיר הײַנט געשיקט אַ בלעטעל פון אַ רויז,
איז מיר גוט אַזוי דערפון,
איך וואָלט זיך אַליין אַרומגענומען,
זיך אַליין אַ קוש געטהאָן.

עס האָט דאָס האַרץ פאַר גליק אַ נאָג געטהאָן.
אין די אויגען מיינע פיהל איך טרערען,
די מאַמע פרעגט און שמייכעלט: „ביזט פאַרליבט מײַן זוהן"?
פאַלט מײַן בליק אַראָפּ צום דיל.
קושט די מאַמע צאַרט מיר אויף דעם שטערען
און די טרערען פליסען שטיל".

אין דעם זינען, ווי עס איז נאָר מעגליך צו דערצעלען אין אַ ליד, אַטעמט פון דעם ליד מיט עכט קינסטלערישען געמיטה און אמת, וואָס ווירקען אַזוי גוט און ווייך.

אין דער סעריע טענים לידער איז דער דיכטער אויך אַ בעאַבאַכטער. עס נעהט פאַר זיין אויג ניט פאַרלאָרען די אַלע איינצעלהייטען און ניואַנסען, וואָס האָבען צו טהאָן מיט'ן טענים-פעלד.

„אַלע נעצען אָנגעצויגען.
ווייס געפּאַסט דער געלער זאַמד.
שטייף אין שליידערען די סטרונעס,
ווי די אָדערען אין האַנד.

ווייסע קליידער פאַר די אויגען,
שלאַנקע בלויזע פרויען הענט,
יונגע מענער שטאַרק און בויגיג,
און די פּנים'ער פאַרברענט.

הענט און שליידערער ווי פליגעל,
יעדער קערפּער ווי אַ שלאַנג.
טרייבט מען אום די באַלט אין לופטען
מיט אַ שנעלען ווייבען קלאַנג".



אין ענליכען זין זיינען די לידער פון דער אבטיילונג „שטאַרם". עס פיהלט זיך אין זיי דעם אטעם פון שטאַרם, און עס דריקט זעהר שווער די גרויע שטימונג, וואָס לויפט דורך די אַלע לידער.

און איז ווירקליך פאַר אונז ניט שווער זיך צו באַפרייען פון דעם נאָגענדען ספּלין, וואָס ווערט פון א. שווערער האַנד אויף אונז ווען אַרויפגעדריקט?...

אבער דער דיכטער מאַכט אָפט אין אַזעלכע לידער דעם טעות, וואָס ער לאָזט שטאַרק אונטערשטרייכען זיין סוביעקטיווע סימפּאַטיע און באַציהונג צו דעם וואָס ער באַשרייבט:

„געשמאַקלאָז געקליידעט,
- שרייענד און טאַקטלאָז מיט פוצעכץ און צירונג באַהאַנגען,
אין פאַלשען, אין רעגענדען גלאַנץ
געהען זיך גאַסען צוויי, אונטער די רוישענדע קלאַנגען
פון שמאַל און פון אייזען
אַ ווילדען פאַרפלאָנטערטען טאַנץ"...

דער דיכטער האָט נאָך ניט צייט געהאַט צו געבען פאַר אונז אַ פאַלשטענדיג בילד און ער שטרייכט שוין גלייך אונטער „געשמאַקלאָז געקליידעט", „שרייענד און טאַקטלאָז". דער פּאָעט צווינגט אין דעם פאַל אויף אונז זיין מיינונג, און דעריבער נעהמט דער איינדרוק, וואָס איז באַשטימט, אַז מיר זאָלען באַקומען פון דאָס פאַרגעשטעלטע, אין גאַנצען פאַרלאָרען.

דער דיכטער דאַרף קיינמאָל ניט קריטיקירען דאַמאָלט ווען ער שמירט פאַר אונז אויס בילדער. ער קען נאָר דאָס פאַרגעשטעלטע און שעהנע לידער קענען קיינמאָל ניט טרעפען, וואָס הינטער דעם שפּילט זיך פריי פאַנאַנדער זיין פאַנטאַזיע און באַהעפט זיך מיט דעם טאָן און אינהאַלט.

„עטליכע עלענדע טויט מידע בוימער,
פאַר עפּעס אַ זינד דאָ צושטעלט,
שטעהען גלייכגילטיג, ווי מענשען, וואָס האָבען
אויף אייביג פאַרשפּילט זייער וועלט.

ס'הענגען די בלעטער פאַר'חלש'ט אַרונטער,
און דוכט זיך: אָט פאַלען זיי באַלד.
גראָזען פאַרשטויבטע, פריהצייטיג פאַרוועלקטע,
געגאַרטעלט אין קאַלטען אַספאַלט.

מענשען פאַרשלאָפענע זיצען גלייכגילטיג,

עפעס, ווי ס'וואלט זיך א יעדער באזונדער
באהאלטען א זעלבסטמארד געדאנק".

דא איז שוין מילער א שטימונגס מאלער. ער גיט אין גרויען פארב איבער די איינטאניגע פארשלעפערטע שטימונג פון פארק אין א צייט, וואס עס דוכט זיך, אז אלץ וואס ארום איז באהערשט פון א שלעפעריגען, גלייכגילטיגען און מידען גייסט. וואס שפרייט פוסט־קייט און אינהאלטסלאזיגקייט.

מילער פארנאכלעסיגט זעהר אפט די אויסערע פארם פון פערז. ער גיט ניט גוט אכטונג אויפ'ן טאן, און דאריבער איז ביי אים זעהר אפט, אז אין דעם פלאץ, וואו עס האט זיך געפאדערט א רוהיגע שווימינקייט, איז ביי אים דארטען צונעשפרונגען. — און לידער, פארערען זייער שליסעל און זייער טאן.

זעהר שלעכט איז, ווען דער דיכטער זינגט אין לידער, וואס מיט אים וועט אין דער צוקונפט פאסירען:

„דו וועסט אמאל אין א זומערדיגען אבענד
נאך מיר פארבענקען"...

אדער:

„איך ווייס מען וועט מיך אין מיטען העלען טאג באפאלען.
עס וועט נים העלפען מיין געבעט און מיינע טרערען"...

עס איז זיכער, אז אין אזעלכע לידער איז ניטא קיין טראפען היידענישעס. אבער נאך מעהר קיין טראפען מענשליכעס נים. עס שמעקט מיט שווארצער נבואה. און דאס נעהט אונז ווירקליך נים אן.

„ביי יעדען אין הארצען א דורשטיגע שלאנג,
ביי יעדען אין קעבער א בלוטיג געטראנק,
עס הייבען די בעכערס א האנט נאך א האנט
און יעדער טרינקט פאר זיין אייגענעם לאנד.

ווי שעהן און קרעפטיג דער פערז איז: גוטער טאן, און א שעהנער, נאכלעסיג גענומענער אקארד און ווערטער־פולס, אבער דער צווייטער פערז „איך האב מיינס א קינד היינט געקוילעט ביינאכט" צושטערט דעם אנגענעמען פליסיגען טאן פון דעם ליד. דער דיכטער מוט דא א צו שארפען שפרונג פון דאס גרויסע און אלגעמיינע צו זיך אליין.

ה.

## אלע געהען מיר אהין

„מען האט דערטאגט א טויטען פריינד,
און עמיץ האט געזאגט: מיר אלע געהען דאך אהין.



נעבען מיר מיין קינד באריהרט מיין האנט —
— וואוהין?
איך הויב די אויגען צו דעם הימעל אויף —
— אהין.
פאטשט דאס קינד די הענט פאר פרייד:
אלע, אלע, אלע געהען מיר אהין".

אזוי איינפאך, אבער ווי ווייט גרייפענד. דער גוטער טאן, די טרעפענדע איינפאכקייט פון אויפפאסען די סאמע וויכטיגסטע, וואס אונז ענבערט, מיט נאר עטליכע שורות, פארלייהען אט דער איינ־פאכער ליד זעהר פיעל טרויער, געמיטה און חן. — און אבער קומט די שורה: „פאטשט דאס קינד די הענט פאר פרייד" און צושטערט די שטימונג, ווייל ווי מיר זאגען נאר „פאטשט", אזוי ווערט דער נאנצער אויסציהענדינער, און ביז אהער שווימענדיגער, טאן, אי־בערגעריסען, און עס ווערט דערביי געשאפען א פארלאנג פון צו צוקלאפען מיט'ן פוס.

אזוי צו אזוי:

„מיר אלע געהען דאך אהין", — אהין, הינטער דעם פארהאנג, וואס פארשטעלט פאר אונז איין זיין פון א צווייטען זיין, וואס טיילט אפ איין לעבען פון א צווייטען.

וואס ליגט הינטער דעם פארהאנג, וואו מיר אלע ווערען דאך אם ענדע ווי אין א זאק פארפאלען?... און זאל דאס טאקע זיין, אז מיר מיט אלע אונזערע טיף און ווייט גרייכענדע באגריפען און גרוי־סע און שענע לידער קענען קיינמאל נים טרעפען, וואס הינטער דעם פארהאנג געהט דארטען אן?...

עס וואלט דאך, אויב אזוי, געווען ביז צום טויט לאנגווייליג און טרויריג.

יע, איין זאך איז זיכער:
„אז מיר אלע געהען אהין"...

---

ל. מילער איז נים ריין פעלערען, אבער די פעלערען, וואס וואַרפען זיך דורך אין ביכעל זיינען נים קיין בראגישע, זיי זיינען מערסטענס אנגעווייעט פון דרויסען און פון דער מצרע. און אב־לייגענדיג אז א זייט די יונגער־פאריסענקייט און געוואנטסקייט, וואס וועט זיכער מיט דער צייט פון זיך אליין פארפאלען ווערען, איז ל. מילער אויפ'ן וועג צו עכטקייט פון פאעטישער אויפריכטיגקייט.

א. י. חאאיםאוויטש.

# א קריטישער אנטאלאגיע

## אינטראדוקציע

מיר נויטיגן זיך אין א קריטישע אנטאלאגיע. מיר דארפן א זאמלונג וואס זאל ארויסשפיגלען די נייע אידישע פאעזיע און איהר אנטוויקלונג.

ביז איצט האבן צוויי דיכטער געמאכט א פארזוך צוזאמענצושטעלן אן אנטאלאגיע פון דער אידישער פאעזיע, אבער ביידע האבן זיך לײדער ארויסגעוויזן נים קאמפעטענט פאר אזא פאראנטווארטליכע ארבייט. ביידע האבן באוויזן אז זיי קענען זיך נים באפרייען פון שמאלקייט, פון קליינעלקייט און פון פערזענליכען פאראורטייל. אזא אונטערנעמונג פאדערט די ערליכסטע אביעקטיוויטעט. אבער ביידע האבן באוויזן אז זיי זיינען געווען באגרעניצט סוביעקטיוו אין זייער אויסוואל און באציהונג.

אבער די נערעכטיגקיים דארף נישט פארגעסן ווערן. מען דארף צוגעבן, אז דער ערשטער, מ. באסין, מיט אלע זיינע פעלערן, האט פונדעסטוועגן אויפגענומען א קאלאסאלע ארבייט. ער האט אנגעזאמעלט א ריזיגען מאטעריאל און אים ארויסגעבראכט אין צוויי גרויסע בענד. אבער דער צווייטער, זישא לאנדוי, האט בלויז געמאכט א פריוואט ביכעל פון עטליכע דיכטער, וואס האבן געפונען חן ביי אים אין די אויגען. און אזא ביכעל רופט מען „די אידישע דיכטונג אין אמעריקא". אזא אנטאלאגיע מיסרעפרעזענטירט די אידישע דיכטונג. אין דער אמת'ן איז דאס נים קיין אנטאלאגיע, נאר א פריוואטע זאמלונג צוזאמענגעשטעלט מיט אן ענגען געפיהל און באגרעניצטען געשמאק.

די שאפונג פון אן אנטאלאגיע איז איינע פון די פאראנטווארטליכסטע ארבייטען. דער זאמלער דארף אנגעבן קלאר די מאטיוען פאר וואס ער האט געמאכט זיין אויסוואל אזוי, און נים אנדערש.

די אנטאלאגיסטען באגעהן אבער איין גרויסען פעלער: זיי שפיעלען פאנטאמין. זיי זיינען שטומע קלייבער. און קיינער ווייסט נישט פאר וואס א דיכטער איז אויסגעוועלט, אדער אויסגעמעלט. — ס'איז דאך נישט קיין פריוואט זאך!

ווארום זאלען זיי נים דערקלערען פאר וואס זיי נעמען אריין דעם דיכטער און יענעם נים? פאר וואס דאס, ליד און נים קיין



אנדער ליד? דאס וואלט דאך געווען אינטערעסאנט צו וויסען. און לויט זייערע גרינדען וואלטען מיר געקענט אורטיילען אויף וויפיעל זיי זיינען גערעכט.

שפילען אבער די אנטאלאגיסטען אלס שטומער קריטיקער מיט באהאלטענע מאטיוען און הינטערגעדאנקען, און אויף אזא אופן פארהיטען זיי זיך פון אפגעבען דין וחשבון, און מיידען אוים שארפע נעגענקריטיק.

דער ציעל פון א קריטישע אנטאלאגיע איז אן אנדערער ווי פון די שטומע אנטאלאגיעס. אין יענע זאמלונגען ווערען נאר אריינגענומען די דיכטער פון וועלכע דער אנטאלאגיסט האלט. די אנדערע דיכטער ווערען אויסגעלאזען אויף דעם צופעליגען גרונד:

זיי געפעלען מיר נישט.

גלייך אלע דיכטער קענען געפעלען איין מענשען.

א קריטישע אנטאלאגיע דארף נישט אריינפאלען אין דעם טעות. דער קריטיקער קען אריינעמען אלע דיכטער און שרייבען וועגן אלע דיכטער. מיט זיינע קאמענטארען וועט ער שוין ארויסווייזען פון וועלכע דיכטער ער האלט א סך און וועלכע ווייניג.

די אויפגאבע פון דער אנטאלאגיע איז נישט צו זיין דעסטרוקטיוו, נאר קאנסטרוקטיוו. איך וועל נישט טייטלען מיט די פינגער אויף דעם פאעטס נים געלונגענע דיכטונגען, נאר נעמען זיינע בעסטע שאפונגען און דורך זייער ליכט ווייזען דעם דיכטער. דער דיכטער זאל זיך זעהען דורך די לידער און די לידער דורך די אויגען פון דעם קריטיקער.

די אנטאלאגיע וויל ווייזען אז די נייע דיכטער אין אמעריקא האבען אריינגעבראכט נייע מאטיוען, א נייע שפראך א נייעם טאן, און נייע פארמען.

וואס מען זאל נישט זאגען וועגען די נייע דיכטער — אבער די פאעזיע איז מעהר נים די זעלבע ווי מיט יאהרען צוריק. אונזער פאעזיע איז ארוים פון די קאנסערוואטיווע גרעניצען. דער איינפלוס פון אונזערע נייע דיכטער הייבט זיך אן צו פיהלען. נישט בלויז די יונגע דיכטער שרייבען היינט אנדערש ווי אמאל, נאר אפילו אונזערע קלאסיקער פרובירען היינט שרייבען אין גאנץ נייע פארמען. די דיכטער זיינען

הײנט מעהר געוואגט. זײערע מענער זײנען הײנט אנדערע, װײל זײער נשמה װיבריךט הײנט אנדערש. זײ זײנען אויך אנגערעגט געװארען און געשטארקט געװארען מיט די כחות און אינאװאציעס פון אנדערע דיכטונגען. דער פרײער פערז האט זיך אויך אריינגע־ריסען אין דער אידישער פאעזיע. דיכטער האבען מעהר נישט קײן מורא צו שרײבען אין א ניט טראדיציאנעלען פערזען מאס. אבער דאס מײנט נישט אז דער טראדיציאנעלער פארם מוז אין גאנצען פארװארפען װערען. אלע פארמען זײנען גוט װען דער דיכטער באַ־נוצט זײ נישט דאגמאטיש ; נאר פרײ, לויט זײן אטעם, לויט זײן קינסטלערישער באדערפעניש.

די פאעזיע דארף האבען דאס רעכט אויף פרײע און נײע װענ־דונגען. זי דארף זײן עלאסטיש, בויגיג, ערפינדעריש אין אינהאלט און אין פארם. און אפשפיגלען דאס לעבען מיט אלע זײנע פאר־שידענקײטען. מיר זאלען קריגען א בילד פון אונזער לעבען.

לאנדוי פרעטענדירט אז ס'איז איהם :

„מעהר װעדער װעניגער געלונגען — צונעבען אין אט דער זאמ־לונג א בילד פון דער אידישער דיכטונג אין אמעריקא ; א בילד פון דעם, װאס אן אפגעריסענער טײל פון אידישען פאלק האט באַ־שאפען אין א משך פון א פערציג יאהר אין זײן נײ־געװארענער חיים".

איך לײקען דאס קאטעגאריש אפ.

װאס פאר א בילד ?

פערציג יאר ?

א בילד פון דיכטונג דארף האבען אז א ר ג א נ י ש ע א ר ד־נ ו נ ג ; און א ביכעל װאס איז צוזאמענגעשטעלט לויט דעם צו־פ א ל פון די ערשטע בוכשטאבען פון די דיכטערס נעמען, גיט קײן בילד, נישט נאר פון פערציג יאר, נאר גארנישט קײן בילד !

לאנדוי באהויפט אויך אז בײ אונז איז „ניטא" קײן „ריכטונג", „שולע" און „באװעגונג". דאס איז אן אומאמת. אז ס'איז דא א פאעזיע איז אויך דא ריכטונגען, שולען און באװעגונג. פונקט װי אז ס'איז דא א שפראך, איז דא א גראמאטיק. כאטש זי איז נאך נישט אנאליזירט געװארען אין קײן בוך. די אידישע פאעזיע האט ריכטונגען און שולען, נאר זײ זײנען נאך נישט אנאליזירט און קלאַ־סיפיצירט געװארען. מען דארף ערשט אנהײבען פאר זײ באשאפען טערמינען. א נײער נאמען באצײכענט א שולע.

די שטומע אנטאלאגיעס האבען נישט אנגעװיזען די פארשי־דענע שטופען און ריכטונגען אין דער אנטװיקלונג פון דער אידישער



פאעזיע. זײ האבען צונויפגעזאמעלט אלטע דיכטער מיט יונגע, קלאסישע מיט מאדערנע, און זײ שטילערהײט אװעקגעשטעלט אהן א היסטארישען זין און סדר.

די קריטישע אנטאלאגיע װעט פרובירען אפגעבען יעדער דיכ־טער זײן פלאץ און אנװײזען צו װאס פאר א ריכטונג אדער שולע ער באלאנגט.

## יואל סלאנים

דער ערשטער דיכטער װאס האט אנגעהויבען שרײבען אנ־דערשדינגע לידער בײ אונז אין אמעריקא, איז געװען יהואש. ער איז געװען דער דיכטער װאס האט געשריבען, נישט האבענדיג אין זין די ארבײטער באװעגונג. זײנע לידער האבען נישט צו טון מיט ארבײטער און קלאסען קאמף. אין יהואש'ס לידער האט מען גע־פיהלט א פרישקײט און א באנײאונג. ער האט זיכער געהאט „א װירקונג אויף דער אינגערען דור שריפטשטעלער". כאטש לאנדוי װיל דאס פארלײקענען.

אז מען דערמאנט א אידישען דיכטער דעם אײנפלוס פון אנ־דערע דיכטער אויף זײן שרײבען, װערט ער א פארציטערטער. יע־דער אײנער װיל מען זאל איהם האלטען נים װעניגער װי א גאט, און זײן װערק זאל מען באטראכטען װי א מעשי־בראשית.

סלאנים האלט אז יהואש האט יא געהאט א װירקונג אויף דעם נײעם דור דיכטער. נאר ער אלײן איז געװען מעהר באװירקט פון ראזענפעלד'ען.

סלאנים איז ענליך צו ראזענפעלד'ען מיט זײן אימפעט, און דרױסענדיגע שרײענדיגקײט. אבער סלאנים אונטערשײדט זיך פון אלע פריערדיגע דיכטער דערמיט װאס ער איז נישט קײן אײנגע־װאנדערטער, נאר דורך און דורך א ה י ג ע ר. אין זײן ליעד איז דא דער רויך און שטויב פון אמעריקא.

װען סלאנים איז אהערגעקומען איז ער אלט געװען א האלב יאר. און ער איז אויפגעװאקסען אין אמעריקא. זײן דערציהונג האט ער דא געקראגען אין דער ענגלישער שפראך. אין די נאר יונגע יארען האט ער געדרוקט לידער אין ענגליש. שפעטער האט ער גע־נומען שרײבען אין אידיש. און זײן ערשטע ליד אפגעדרוקט אין „פארװערטס". פון דעמאלט אן שרײבט ער בלויז אין אידיש.

סלאנים האט א סך געשריבען. ער איז געװען געדרוקט כמעט אין אלע אידישע צײטונגען, זשורנאלען און זאמעלביכער. זײנע מערסטע לידער זײנען לירישע מאטיװען. לידער פון ליבע, פון

דער גאטור, („די קעצקעל בערג") לידער פון דער גרויסער שטאָט, („ניו יארק") און אויך לידער וועגן דעם בייזן מזל און האפנונג פון דעם אידישען פאלק. („איך בין א קינד פון מיין פאלק"). די מערסטע פון זיינע לידער זיינען געשריבען אין א טראדיציאנעלען ריטם. אבער עס פיהלט זיך א געוויסע נייקייט אין די פרייקייט און צולאזונגקייט פון זיין טאָן. אלע לידער האבען אויף זיך דעם שטעמפעל פון זיין כאראקטער. סלאנים האט זיין אייגענע טעמפא. ניט קיין אויסערליכע, נאר אן אינערליכער ארגאניש רעזולטירט פון דעם דיכטער.

היינט האבען מיר דיכטער וואס שרייבען פיעל אינטימער. אבער אמאל איז סלאנים געוועז מעהר אינטים ווי אנדערע דיכ־טער אין דער אידישער פאעזיע. מיט סלאנים'ען הייבט זיך אן די נייע אידישע פאעזיע אין אמעריקא. סלאנים איז געווען דער אי־בערגאנג צו א ברייטערען פרייערען שוואונג.

סלאנים'ס לידער האבען אייגענארטינקייט. זיי וויברירען מיט זיין אטעם און זיינע נערווען, אבער זיי ווייזען אז ער איז נאך א פארזעצונג פון אונזערע עלטערע דיכטער. (ראזענפעלד, ליעסין). מען קען דאס זעהן פון זיינע מאטיוען. און פון דעם אופן ווי זיי זיינען געשריבען. אין סאציאלע מאטיוען איז ער אלעמאל שטאר־קער און בעסער ווי אין די לירישע. סלאנים'ס לידער דערמאנען אן אונזער סאציאלע דיכטער. ער איז אויך א מאסען דיכטער. קיין באזונדערען בליק, קיין אנדערע אידעען אדער אידעאלען, פאר־פלאנטערט אין די זעלבע פאראורטיילען און פראבלעמען ווי די מא־סען. זיין שטימע איז זייער שטימע. זיין בליק אויף זיי, איז אויך זייער בליק. און זיין בליק אויף זיך דורך זיי. אים געלינגט צו בא־שרייבען די שטאָט מיט איר טומעל, מיט איר מאדערנעם כאאס, מיט איר צ י ו ו י ל י ז י ר ט ע ו ו י ל ד ק י י ט. מען זעהט דעם פארטומעלטען, פארבלאנזשעטען אידען אין דער אמעריקאנער גרויסער שטאָט. אין דעם ליד :

## צי הערט מיין פאלק די טריט

אין רעש און רויש פון גרויסען שטאָט,
אין שטאָט פון רויב, אין שטאָט פון זינד,
וואו ס'שטיקט דער רויך און דריקט דער שטויב,
וואו רשעות פיהלט דאס קליינע קינד,
וואו מענשען־אויגען קוקען בייז,
און מענשען הערצער זיינען בלינד...



אין ווילדען יאגד נאך גאלד וואו גליק
איז פאלשער גלאנץ און בלייכע לוסט,
וואו יעדער חלום זינקט צוריק,
און יעדע הייליגקייט ווערט פוסט,
פיהלט שווער אן אומעט אפט אריין
מיט שווארצע פליגעל אין מיין ברוסט...

צי קען א פאלק, א פאלק וואס האט
זיין גרעסטען גליק אין גאלד געזוכט,
וואס האט פאר ברויט זיין גייסט געטויט,
און איז געוועז פון גאט פארפלוכט;
צי קען א פאלק מיט שקלאף־געפיהל
נאך טרוימען פון א ווייטען ציל ?...

עס רויבט די שטאָט דעם מענש אין מאן,
עס רויבט די שטאָט דעם מענש אין איד,
זי ווארפט און שרייט און מישט זיי אויף
און מאכט זיי גלייך, א גליד צו גליד,
און אומעדום און איבער אלץ
רוישט אלץ דער האנדעלס־גייסט און זידט...

ס'ווערט יעדע קדושה דא געשאצט
אין וואג פון גאלד, אין קרעמער־ווערט,
און אלץ וואס הייליג ווערט פארשוועכט,
און יעדער גלויבען ווערט צושטערט,
צי איז א פאלק אזא דאס גליק
פון פרייען לעבען ווען באשערט ?

ס'ברומט דער שטורם אויף דער וועלט,
ס'איז אלץ אין בלוט און פלאם בארעקט,
דאך נסים אטעמט יעדער טאג,
און וואונדער ווערען אויפגעוועקט,
דורך פיין און וועה געריינינט ווערט
די מענשהייט אויף דער גאנצער ערד...

סברומט דער שטורם אויף דער וועלט,
ס'רוישען טריט שוין פון דער ווייט,

נאט שיקט זיין שליח איצט ארויס ;<br>
קלייב אויף מיין פאלק. שוין צייט, שוין צייט !<br>
צי הערט מיין פאלק דאס וואונדער־ליד<br>
וואס רופט און וועקט און לאקט פון ווייט ?...

פאראן ביי סלאנים׳ען א סך ים לידער. אבער די מערסטע זיינען וואריאציעס און ווידערהאלונגען פון זיינע אייגענע־לידער. טייל דיכטערליידען דערפון וואס אנדערע מאכען זיי נאך, און באנאליזירען זייערע לידער. ער ליידט — פון זיך אליין.

די מערסטע פון זיינע לידער זיינען צו לאנג פאר א באשרענק־טען פלאץ. איך גיב דא א ליד וואס שיינט צו זיין איינע פון זיינע בעסטע און איז אין טאן אביסעל כאראקטעריסטיש פאר זיינע אי־בעריגע ים לידער :

איך בין א ברודער פון ים און פון ווינד,<br>
איך ליב דעם נערודער פון אומרוה און כעס,<br>
איך ווייס ניט קיין ליבע, איך ווייס ניט קיין האס,<br>
ווער ס׳קומט צו מיין הארצען איז גלייך ווי מיין קינד,<br>
איך זינג אים א וויג־ליד פון יוגענד און מוט,<br>
פון זיגרייכען קאמף און פון בליצענדען בלוט,<br>
איך ווייס ניט קיין נעבטען, איך ווייס נאר א היינט,<br>
ווער ס׳לעהנט אן זיין ברוסט אויף מיין קאפ איז מיין פריינד,<br>
מיין הארץ איז דאס הארץ פון דעם ים און דעם ווינד...

דאס ליד האט אויך די חסרונות פון פילע זיינע לידער. דא אין אויך דא די פאעטישע רעטאריק „פון בליצענדען בלוט״, און די צולאזענע איבערטרייבונגען ;

„איך ווייס ניט קיין ליבע, איך ווייס ניט קיין האס״.

אמאל האט מען געמיינט אז אין גראמען מעג מען זאגען ליגען, און זיין פארשווענדעריש אויף ווערטער אהן וועלכען זין, היינט נעהט דאס נישט מעהר. דער היינטיגער דור איז קריטישער, דורכ־זיכטיגער, און ווענט און מעסט.

סלאנים האט א סך ליבע לידער כמעט אלע זיינען געשריבען אין דעם זעלבען טאן. איך גיב איינע פון זיי אלס מוסטער. מיר דאכט זיך אז איך האב אויסגעקליבען איינע פון די בעסטע :

## ניט דער פריהלינג

ניט דער פריהלינג איז יעצט אנדערש,<br>
ניט דער זומער,<br>
ניט קיין קומער



שוועבט אויף פעלדער און אויף וועלדער,<br>
ניט קיין פיין.<br>
פול מיט בלומען און מיט שיין,<br>
זיינען אלץ נאך אלע וועגען<br>
און די ברעגען<br>
פונ׳ם אומגליק זיינען ווייט נאך, זעהר ווייט<br>
ניט דער פריהלינג איז יעצט אנדערש,<br>
ניט דער זומער,<br>
נאר ביי אונז איז יעצט דער קומער,<br>
און מיר בענקען, איך און דו,<br>
און מיר זוכען, זוכען רוה,<br>
און געפינען ניט קיין רוה...<br>
ס׳האבען אונזערע חלומות<br>
ניט געוואונען<br>
ניט געפונען<br>
זיך דאס גליק ביי אונז צוזאמען,<br>
און מיר קענען מעהר ניט אויפנעהען אין קיין קאלטע,<br>
אלטע פלאמען,<br>
ווייל מיר זיינען מעהר קיין קינדער<br>
מיט נשמות טויאיג־ריין,<br>
און דעם וועהטאג פון א זינדער<br>
ווייס זיין אייגען הארץ אליין,<br>
און אפילו אין דעם גארטען<br>
איז דער וועג יעצט קאלט און שווער,<br>
און דעם וועג צוריק צו קינדהייט,<br>
אים געפינען מיר ניט מעהר.<br>
ניט דער פריהלינג איז איצט אנדערש,<br>
ניט דער זומער,<br>
נאר ביי אונז איז יעצט דער קומער,<br>
און מיר בענקען, איך און דו,<br>
און געפינען ניט קיין רוה...

איך גיב אויך א מוסטער פון זיינע נאציאנאלע מאטיווען. דאס ליד כאטש עס קלינגט גארנישט ניי, האט אבער איין מעלה, ס׳אין נישט געשריבען אין דעם פיעלמאל ווידערהאלטען פא־ם פון די מעהרסטע פון זיינע לידער. דאס ליד האט כאטש אן אפטישע וואריאציע :

## און אימער

און אימער נאך ווערען מיר געפלאגט און געפייניגט,
און אימער נאך ווערען געהאלטען פאר פרעמדע
און יערווידער לאנד.

און אימער נאך פארנעהט אונזער לעבען אין אנגסט,
און אימער נאך ווערט אונזער יחוס און גדולה
פארשוועכט און דערשטיקט.

און אימער נאך ווערען מיר פארפאלגט פון דעם צלם
און אימער נעזוינגט ווי א פליג פון א שפין ;
און אימער נאך רייסט זיך דאס הארץ מיט פארצווייפלונג
וואוהין ? וואוהין ?

דאס ליד ניינצען זעכצען איז אויך געווען צו גרויס, האט איך בלויז גענומען א טייל דערפון. דאס ליד איז אינטערעסאנט דער־מיט וואס עס ווייזט דעם דיכטער'ס בליק אויף דעם גרויל און שרעק־ליכען אומזין פון דער מלחמה :

### 1916

בלוט און טרעהרען, בלוט און טרעהרען
אומעדום.
מיט שטיקלאך הארץ פארזעעט מען פעלדער,
בליהט די בלום...

ס'שטעכט א ברודער איינס דעם צווייטען,
און דער דריטער קוועלט.
קינ'ס ווילדע־בייזע מעשים
הערשט יעצט אויף דער וועלט...

סם־המות האט דאס לעבען,
שלאנגען־גיפט דאס הארץ,
און די פרייד אנטלויפט אין שאטענס,
און די לוסט ווערט שווארץ...

און די מוטער נימט איר זוויליגג
רויטען כעס,
און דאס וויג־ליד פון דער באבע
איז נור פלוך און האס...

און די נויט ? —
הערשט אומעדום,
מענשען לאס



און מענשען קרום
הינקען צו
און בעטען ברויט,
דאך זיי זעהען נור די נויט,
דארע ארעמס אויסגעשפרייט,
און זי קוקט אויס ווי פארשטיינט,
דאך אין הארצען טיעף, זי וויינט ;
אך, איך האב פאר אייך קיין רוה,
און איך האב פאר אייך קיין ברויט...
עס הערשט דער טויט.
ער געהט און געהט
און זעעט און זעעט
בלייכע שטונדען,
קראנקע ביינקשאפט,
שווארצע שוידערס,
וויסטען צווייפעל,
קינד־נעיאמער,
מוטער־וואהנזין,
ס'געהט און געהט
דער טויט און זעעט,
דער טויט — ער געהט!...

און די זון ? —
זי לאכט דערפון,
זי פלאטערט אויף איהר העלע פאהן,
וואס געהט די שחיטה איהר רען אן ?
זי ווארפט איהר ליכט אויף יערען פעלד,
ווי קליין זעהט אויס די גאנצע וועלט
ביי איהר אין בליק,
זי האט אן אייגען גליק,
זי איז די גרויסע, גרויסע זון,
זי האט א וואונדער־פאהן,
זי זעהט דעם שטרייט פון ווילדען וואוט,
זי לאכט זיך אויס דערפון,
וואס געהט עס איהר רען אן?...

סלאגים שטעהט די לעצטע יארען אויף איין ארט. ער באנייט זיך נישט. ער זוכט נישט קיין נייע ווענדונגען, אין דעם זעלבען טאן און פארם וואס ער האט געשריבען מיט צעהן יאר צוריק,

שרייבט ער הינט: נישט דאס כאראקטעריסטישע אליין מאכט דערקענען זיין ליד, נאר דער רוטיניסטישער פארם וואס טיק־טאקט אלעמאל אין אויער. שטענדיג די זעלבע ווערטער. „טרוימען", „בלוסען", „בלעטער", „ווינדען", „כוואליעס". די זעלבע גראמען: „הארץ" מיט „שמארץ", „פראכט" מיט „נאכט". און אלעמאל דער זעלבער לויפענדיגער ריטם.

אנדערע דיכטער זוכען זיך צו באנייען, זיי עקספערעמענטירען מיט נייע פארמען. ווייל מען קען היינט מעהר נישט לעזען א ליד וואס איז געשריבען אין א סאלראטען ריטם. די פאעזיע נויטיגט זיך אין נייע ריטמען און פארמען. און איינינע דיכטער האבען אנגעהויבען צו שרייבען אין פרייע פערזען. סלאנים אבער האלט נישט פון פרייען פערז. ער זאגט אז פרייער פערז איז בלויז א מאדע וואס נעהט פאריבער. די שעהנסטע פאעזיע, האלט ער, איז געשריבען געווארען אין א מוזיקאלישער פארם. פרייע פערזען קענען לייכט מיסברויכט ווערען. יעדער איינער קאן לייכט שרייבען פרייע פערזען. און דורך דעם ווערט די פאעזיע פלעבעזירט.

זעהט איהר, מיט וויטמאנ'ען איז שוין עפעס אנדערש. וויטמאן האט געמענט שרייבען פרייע פערזען. ווייל מען דארף זיין א נאר גרויסער דיכטער צו שרייבען אין פרייע פערזען. מען דארף זיין א גרויסע פערזענליכקייט. וויטמאן איז געוועזן א נייע פערזענליכקייט אין דער וועלט. דערפאר האט ער באדארפט א נייעם פארם אויסצודריקען זיין איך. וויטמאן איז געוועזן מעהר נביא ווי פאעט. דערפאר האט ער נישט געקענט שרייבען אין קיין געשלאסענעם פארם. נביאות קען נישט ווערען געצאמט. דער נביא מוז זיין פריי. דערפאר האבען די נביאים נישט גערעדט אין קיין געשלאסענע פארמען. אבער לירישע לידער מוזען זיין געשריבען מיט אן אינערליכען מוזיקאלישען ריטם און ריימען. עס קלינגט שעהנער און דרינגט מעהר אריין אין די נשמה פון די לעזער. עס לאולם לירישע לידער וואלטען פיעל געוואונען ווען זיי וואלטען געווען געשריבען אין געשלאסענע פערזען.

דאס וואס מען דענקט, האט ער ווייטער גערעדט, אז דער פרייער פערז איז דעמאקראטישער, און דערנענטערט די פאעזיע צום פאלק, איז'א טעות. פרייער פערז דערווייטערט דאס ליד פון פאלק. ווייל זיי אפעלירען מעהר צום אינטעלעקט ווי צום הארץ. וואלט וויטמאן איז געוועזן דער דעמאקראטישסטע דיכטער אין זיינע מאטיוון, אבער פאו, דער אריסטאקראט, ווערט מעהר געליבט פון פאלק, ווייל ער האט געשריבען אין א געשלאסענעם מוזיקאלי־



שען פערז. א באוויז אז דאס פאלק האט ליבער דעם רעגולערען פערז איז, אז ווען דאס פאלק אליין שאפט לידער, שאפט עס קיינמאל אין קיין פרייע פערזען, נאר אין מוזיקאלישע פארמען.

ווי מיר זעהען קען מען סלאנים'ען נישט צורעכענען צו די עקסטרעמע ראדיקאלען אין דער אידישער פאעזיע.

נ ח ש ט י י נ ב ע ר ג.

## א מיידעל'ס געזאנגען

ט.

וויינט מיין הארץ אין מיר נאך דיר.
וויינט דיין הארץ אין דיר נאך מיר,
ווי עס וויינט מיין הארץ נאך דיר,
ליבסטער מיינער ?
גיבען מיר די בלויע זומער נעכט קיין רוה.
שליסען דיינע אויגען אויך, ווי מיינע, זיך נים צו ?
גיבען דיר, ווי מיר, די זומער נעכט קיין רוה,
ליבסטער מיינער ?
טוט מען ווען א קלאפ אן מיר, —
ווערט מיין הארץ דערפרעהט אין מיר.
פרעהט זיך אויף דיין הארץ אין דיר,
ווען מען קלאפט אן אין דיין טיר,
ליבסטער מיינער ?

י.

מעגען ליבעס־ווערען מיר מיין הארץ אין שטיק
צופליקען,
טונקעל מאכען מיינע קלארע, שעמעוודינע בליקען,
מיינע שווארצע האר אין ווייס קאליר פארבייטען,
מיך אין פאלדען מיר מיין בלייך געזיכט צושניידען;
מעג פון מיר שוין ווערען וואס עס וויל —
וועל איך אלץ צום גוטען נור
דיך דערמאנען אין דער שטיל.

יא.

איך האב מיין צימער אויפגעראמט,
מיין בעט מיט ווייס פארשפרייט,
זיך אנגעטאן דאס שענסטע קלייד
און שעהן די האר פארקאמט ;

באשפריצט זיי מיט פארפומען
און אפגענארט מיין אייגען הארץ
אז וועסט צו מיר היינט קומען.

יב.

א בליץ האט מיין צימער באלויכטען
און איז באלד געגאנגען פארלארען.
זיין שיין האט א שרעק אנגעטראגען,
נאך פינסטערער איז מיר געווארען.

דו האסט בלויז איין בליק מיר געשאנקען,
ער איז, ווי דער בליץ, גיך פארשוואונדען;
זיין בליץ האט מיין לעבען באלויכטען
א פייער אין הארץ אנגעצונדען.

יג.

כ'בענק נאך א מאמען;
דו — נאך א מאמען:
לאמיר זשע ליבסטער,
זיין איצט צוזאמען.

דו ווי א מאמע,
וועסט מיך ערנערען;
כ'וועל ווי א קינד דיך
פאלגען און עהרען.

איך, ווי א מאמע, וועל
נאט פאר דיר בעטען,
און אויף מיין שוים דיך
צערטלען און גלעטען.

כ'בענק נאך א מאמען,
דו — נאך א מאמען:
לאמיר זשע ליבסטער
זיין איצט צוזאמען.

ה. גורעלמאן.



## שמואל ניגער

אונזער אידישע ליטעראטור בליהט און צובליהט זיך אין פארשידענע פארבען. עס ווערען געבארען נייע פארלאנגען, נייע בענקשאפטען, נייע שטרעמונגען, איבערהויפט. איז דאס קענטיג אין אונזער פאעזיע, אין אונזער דיכטונג. זי זוכט נייע וועגען, נייע הימלען און עס זיינען דא אזעלכע וואס האבען שוין נייע וועגען, נייע הימלען און עס זיינען דא אזעלכע וואס האבען שוין נייע וועגען געפונען און זוכען נאך נייערע... אונזער פראזא איז פארקערט אין פארגלייך מיט אונזער פאעזיע, פיעל בלייכער און הינטערשטעלינער, טראדיציאנעלער...

אבער אם ארימסטען זיינען מיר אין קריטיק. אונזערע קריטיקער, ניט נור אין אמעריקא, נור אויך אין רוסלאנד, זיינען כמעט אלע נור אינטעליגענטע לעזער, וועלכע האבען זיך אויסגעלערענט די קונסט פון שרייבען, אפטמאל פון שעהן־שרייבען. ניט זיי האבען א באשטימטע וועלט־אנשויאונג און ניט זיי האבען א באשטימטע קונסט־אנשויאונג. זיי בלאנדזשען נאך מעהר ווי די דיכטער.

און דאריבער האבען אונזערע קריטיקער אזא קליינע ווירקונג אויף אונזער ליטעראטור און זיינען נור נאכשלעפערס אבער ניט קיין פאראויסגעהער.

די צוויי אידישע קריטיקער וואס האבען ביי אונז דעם גרעסטען אנזעהן, זיינען בעל־מחשבות און ש. ניגער. האפנונגען לעגען מיר אבער אויף ש. ניגער, וועלכער האט א בליין געמאן מיט א צעהן יאהר צוריק און איז ניט נור ניט פארגאנגען נור פארקעהרט, ער וואקסט און פארטיפט זיך און נעמט אריין אין זיך די רעגונגען און באוועגונגען, די רוהלאזיגקייט, די געזונטע, פון דער וועלט...

זיין אויפריכטיגקייט, זיין באגייסטערונג, זיין ליבע צו אונזער ליטעראטור איז פאר אונז, שריפטשטעלער אין אמעריקא, א גרויסער געווינס. דא אין אמעריקא, וואו ליידער איז אונזער קריטיק ניט נור א פארעצעגזעוועט געווארען נור זי איז זעהר אפט פארפערזענליכט געווארען, ניט פון דעם אינדיווידועלען שטאנדפונקט, נור פון דעם פערזענליכען בייזען ווילען.

מיר האפען, אז ש. ניגער וועט אין אמעריקא, אין דעם לאנד פון ברייטע גרויסקייטען פון יונגע, רודערדיגען לעבען, פון שטרעבונגען וואס זייגען ניי, וועט ש. ניגער זיין ניט נור א נאכגעהער נור א פאראויסגעהער!

ס.

## נייע אויסגאַבען

די לעזער קענען איצט האָבען ל. מילער׳ס ליעדער אין אַ געבונדענעם בוך. דאָס בוך איז ארויסגעגעבען פון פאַרלאַג „אַמעריקאַ", אילוסטרירט פון מאַפּעל. מיט אַ נייע שריפט, אַ שעהנער פאָרמאַט, גוטע פּאַפּיר און פיין געבונדען. די לידער זיינען אַ שפּיגעל פון דעם דיכטער׳ס גוטמוטיגקייט.

---

י. י. סיגאַל האָט שוין אַ קליינעם בוך לידער. דאָס בוך הייסט „פון מיין וועלט". דאָס איז אַ זאַמלונג פון י. י. סיגאַל׳ס נאָך ניט געדרוקטע לידער. די לידער האָבען אַן אייגענעם טאָן און די יונגע אידישע פּאָעזיע האָט פיעל געוואונען מיט זייער ערשיינען.

---

פאַרלאַג אידיש האָט אונז געגעבען צוויי שעהנע בענד פון ערנאַר עלען פּאָו און אידיש — אַ באַנד לידער און אַ באַנד דערצעלונגען. די לידער זיינען איבערזעצט פון י. קיסין. י. קיסין אליין אַ דיכטער איז אויך איינער פון אונזער בעסערע איבערזעצער. די דערצעלונגען זיינען איבערזעצט פון ל. עלבע. אליין אַ דערצעלער און האָט אַ פיינעם אידיש.

---

דער פאַרלאַג אידיש האָט אונז אויך באַזאָרגט מיט אַ זאַמלונג פון דער אידישער דיכטונג אין אַמעריקאַ. די אַנטאָלאָגיע איז צוזאַמענגעשטעלט און איינגעלייטעט פון זישא לאַנדוי.

אין דער אַנטאָלאָגיע זיינען אריינגענומען געוואָרען בלויז אכט און צוואַנציג דיכטער. דעם אויבענאַן פאַרנעמט דער צוזאַמענשטעלער און זיינע קאָלעגען. די אַנטאָלאָגיע מאַכט גיכער דעם איינדרוק. פון אַ פאַמיליע זאַמלונג.

---

אַן אמת׳ע נייע ערשיינונג איז אַ בוך ליעדער „אין קינדער לאַנד" פון לאה קאַפּעלאַוויטש האָפמאַן. ארויסגעגעבען פון פאַרלאַג „לעבען" מיט אַ האַרציגען פאָרוואָרט פון אברהם רייזען. דער בוך איז באַצירט מיט צייכענונגען פון א. וואָלקאָוויטש און יואל לעווים. ניי איז דער בוך מיט דעם וואָס די דיכטערין האָט אריינגעבראַכט קינדער־מאָטיוען אין דער אידישער פּאָעזיע, מיט אַ הומאָריסטישען טאָן. דער קינדער בוך ליידט אָבער אַביסעל פון וועניג אילוסטראַציעס און פון אַ ניט גענוג שטרענגען אויסוואַל.

---

עס האָט צוריק אויפגעלעבט דער פאַרלאַג „אַמעריקאַ". דער פאַרלאַג גיט ווייטער ארויס גרויסע זאַמעלביכער. דער ערשטער



זאַמעלבוך „שריפטען" איז זעהר שעהן ארויסגעגעבען. אַ גרויסער פאָרמאַט, פון קאַרגע דריי הונדערט זייטען. דאָס בוך איז באַצירט מיט בילדער פון דריי אידישע קינסטלער: א. וואָלקאָוויטש, באָרים אַניספעלד און ז. מאַפּעל.

אין דעם בוך זיינען פאַרטראַטען סיי אלטע שריפטשטעלער און סיי יונגע. אויסער דעם זאַמעלבוך גיט דער פאַרלאַג „אַמעריקאַ" ארויס פאַרשידענע ביכער פון אידישע שריפטשטעלער.

אַ קריטיק וועגען דעם זאַמעלבוך „שריפטען" וועט קומען אין די שפּעטערדיגע נומערן „פּאָעזיע".

---

- מיר האָבען שוין פאַרזוכט זעקס נומערן פון דעם מאָנאַטליכען זשורנאַל „די פעדער", וועלכע פּרעטענדירט אויף איהר פאַרדערבלאַט צו געבען ליטעראַטור, קריטיק און מאַלעריי. אפשר שפּעטער — ביז איצט האָבען מיר די קריטיק, די ליטעראַטור און די מאַלעריי, דערווייל בלויז געפונען אויפ׳ן פאָדערבלאַט. און מיר וואַרטען מען זאָל די דריי־איינינקייט אריינטראָגען אינוועניג.

ה. ג.

---

## דער מאָדערניסט

די קונסט־בילדער פון יונגען סקולפּטאָר אהרן גורעלמאַן, וואָס ערשיינען אין דעם איצטיגען נומער „פּאָעזיע" זיינען ארויסגענומען פון מאָדערנעם אַמעריקאַנער זשורנאַל „מאָדערניסט" מיט ספּעציעלע ערלויבניש.

---

## חיים נחמן ביאַליק

זאָל עס ניט זיין אמת! עס איז אָנגעקומען דער טרויעריגער באַהיכם, אַז די גרעסטע שטימע פון דעם אידישען פאָלק איז אויף אייביג שטיל געוואָרען. חיים נחמן ביאַליק איז פון אונז אוועקגעשטאָרבען. ביאַליק, דער גרעסטער פּאָעט פון אידישען פאָלק, דער נביא פון אונזער צער און טרייסט. עלענדער איז געוואָרען די גאַנצע וועלט, און נאָך עלענדער איז געוואָרען דאָס אידישע פאָלק אָהן ביאַליק׳ען.

אונזער הארץ וויל נישט שטימען מיט דער ברומאַלער בשורה פון ביאַליק׳ס טויט. עס האָפט נאָך צו הערען אז אונזער דיכטער ביאַליק לעבט און וועט זיין מיט אונז.

## נייע אויסגאבען

די לעזער קענען איצט האבען ל. מילער׳ס ליעדער אין א געבונדענעם בוך. דאס בוך איז ארויסגעגעבען פון פארלאג „אמעריקא“, אילוסטרירט פון מאפעל. מיט א נייע שריפט, א שעהנער פארמאט, גוטע פאפיר און פיין געבונדען. די לידער זיינען א שפיגעל פון דעם דיכטער׳ס גוטמוטיגקייט.

---

י. י. סיגאל האט שוין א קליינעם בוך לידער. דאס בוך הייסט „פון מיין וועלט“. דאס איז א זאמלונג פון י. י. סיגאל׳ס נאך נים געדרוקטע לידער. די לידער האבען אן אייגענעם טאן און די יונגע אידישע פאעזיע האט פיעל געווינען מיט זייער ערשיינען.

---

פארלאג אידיש האט אונז געגעבען צוויי שעהנע בענד פון ערנאר עלען פאו און אידיש — א באנד לידער און א באנד דערצעלונגען. די לידער זיינען איבערזעצט פון י. קיסין. י. קיסין אליין א דיכטער איז אויך איינער פון אונזער בעסערע איבערזעצער. די דערצעלונגען זיינען איבערזעצט פון ל. עלבע. אליין א דערצעלער און האט א פיינעם אידיש.

---

דער פארלאג אידיש האט אונז אויך באזארגט מיט א זאמלונג פון דער אידישער דיכטונג אין אמעריקא. די אנטאלאגיע איז צוזאמענגעשטעלט און איינגעלייטעט פון זישא לאנדוי.

אין דער אנטאלאגיע זיינען אריינגענומען געווארען בלויז אכט און צוואנציג דיכטער. דעם אויבענאן פארנעמט דער צוזאמענשטעלער און זיינע קאלעגען. די אנטאלאגיע מאכט ניכער דעם איינדרוק. פון א פאמיליע זאמלונג.

---

אן אמת׳ע נייע ערשיינונג איז א בוך ליעדער „אין קינדער לאנד“ פון לאה קאפעלאוויטש האפמאן. ארויסגעגעבען פון פארלאג „לעבען“ מיט א הארציגען פארווארט פון אברהם רייזען. דער בוך איז באצירט מיט צייכענונגען פון א. וואלקאוויטש און יואל לעווים. ניי איז דער בוך מיט דעם וואס די דיכטערין האט אריינגעבראכט קינדער־מאטיוען אין דער אידישער פאעזיע, מיט א הומאריסטישען טאן. דער קינדער בוך ליידט אבער אביסעל פון וועגן אילוסטראציעס און פון א נים גענוג שטרענגען אויסוואל.

---

עס האט צוריק אויפגעלעבט דער פארלאג „אמעריקא“. דער פארלאג גיט ווייטער ארוים גרויסע זאמעלביכער. דער ערשטער



זאמעלבוך „שריפטען“ איז זעהר שעהן ארויסגעגעבען. א גרויסער פארמאט, פון קארגע דריי הונדערט זייטען. דאס בוך איז באצירט מיט בילדער פון דריי אידישע קינסטלער: א. וואלקאוויטש, באריס אניספעלד און דז. מאפעל.

אין דעם בוך זיינען פארטראטען סיי אלטע שריפטשטעלער און סיי יונגע. אויסער דעם זאמעלבוך גיט דער פארלאג „אמעריקא“ ארוים פארשידענע ביכער פון אידישע שריפטשטעלער.

א קריטיק וועגען דעם זאמעלבוך „שריפטען“ וועט קומען אין די שפעטערדיגע נומערן „פאעזיע“.

---

מיר האבען שוין פארזוכט זעקס נומערן פון דעם מאנאטליכען זשורנאל „די פעדער“, וועלכע פרעטענדירט אויף איהר פארערבלאט צו געבען ליטעראטור, קריטיק און מאלעריי. אפשר שפעטער — ביז איצט האבען מיר די קריטיק, די ליטעראטור און די מאלעריי. דערווייל בלויז געפונען אויפ׳ן פארערבלאט. און מיר ווארטען מען זאל די דריי־איינינקייט אריינטראגען אינוועניג.

ה. נ.

---

## דער מאדערניסט

די קונסט־בילדער פון יונגען סקולפטאר אהרן גודעלמאן, וואס ערשיינען אין דעם איצטיגען נומער „פאעזיע“ זיינען ארויטגענומען פון מאדערנעם אמעריקאנער זשורנאל „מאדערניסט“ מיט ספעציעלע ערלויבניש.

---

## חיים נחמן ביאליק

זאל עס נים זיין אמת ! עס איז אנגעקומען דער טרויעריגער באריכט, אז די גרעסטע שטימע פון דעם אידישען פאלק איז אויף אייביג שטיל געווארען. חיים נחמן ביאליק איז פון אונז אוועקגעשטארבען. ביאליק, דער גרעסטער פאעט פון אידישען פאלק, דער נביא פון אונזער צער און טרייסט. עלענדער איז געווארען די גאנצע וועלט, און נאך עלענדער איז געווארען דאס אידישע פאלק אהן ביאליק׳ען.

אונזער הארץ וויל נישט שטימען מיט דער ברוטאלער בשורה פון ביאליק׳ס טויט. עס האפט נאך צו הערען אז אונזער דיכטער ביאליק לעבט און וועט זיין מיט אונז.

דאָס וואָרטפּולסטע אידישע בוך וואָס איז ביי אונז ערשיענען אין די לעצטע עטליכע יאהר.

# זעכציג יאהר לעבען

ע ר י נ ע ר ו נ ג ע ן

אייגענע און אַלגעמיין אידישע 1859—1919.

## פון ישראל־איסר קאַצאָוויטש

מיט אַ פאָרוואָרט פון דוד פּינסקי.

איינינע קורצע אויסציגע פון גרויסע קריטיקען און אַמעריקאַנער צייטונגען און זשורנאַלען:

דוד פּינסקי אין זיין פאָרוואָרט צום בוך:

„עס איז אַ שטיק געשיכטע פון דעם יידישען לעבען אין רוסלאַנד און שפּעטער אויך אַ ביסעל אין אַמעריקא, וואוהין דער בעל הזכרונות איז צום ערשטען מאָל געקומען מיט עטליכע און דרייסיג יאהר צוריק אַלס איינער פון דער באַ־ריהמטער „עם־עולם"־גרופּע. אין גאַנצען וואַרהייט, געטריישט פון ריכטונגען... אמת'ע זכרונות, אַלץ איבערלעבונגען, איבערלעבונגען."... „דער עיקר, דורך זיין פּרט זעהען מיר שטענדיג דעם כלל. אין אַלע זיינע איבערלעבונגען גע־דענקען מיר, אַז דאָס איז נישט בלויז זיין לעבען".

ת. ראָגאָוו אין „פאָרווערטס":

מיר זעהען אין דעם בוך מר. קאַצאָ־וויטש'עס נשמה און די וועלט וואָס האָט איהם אַרומגערינגעלט פונקט ווי ער האָט איהר געפיהלט און געזעהן. און נאָך מער, אין דעם איז דאָס דער איינציגער ווערק אַזוי מענשען און זאַכען פון דער פאַרגאַנגענהייט ריכ־טיג פאַרצושטעלען. ווי צו זעהן מיט די־זעלבע אויגען ווי די מענשען פון יע־נער צייט האָבען זיי געזעהן".

תשר"ק אין „טאָגעבלאַט":

„מר. קאַצאָוויטש האָט אונז געגעבען די שענסטע אויטאָביאָגראַפיע פון אַ אידיש קינד און די בעסטע שיל־דערונג פון אַ ריין אידישער אַטמאָס־פערע, וואָס מען קען ערוואַרטען נאָר פון אַ באַגאַבטען קינסטלער... עס זיי־נען דאָ פילע שטעלען וואָס האָבען אַרויסגערופען טרערען פון מיינע אויגען מיט זייער שעהנעם פּאַטהאָס".

א. גלאַנץ אין „טאָג":

„אַ לעבענסדאָקומענט, אַ שטיק אידיש לעבען אין מיניאַטיור, מיט אַלע אויס־באַהאַלטענע פיינקייטען און שעהנקיי־טען פון אַן עכטער מיניאַטיור. אַ בוך פון דעם לעבענסקאַמף, וואָס איז גלייכ־צייטיג אי אַ טראַ'דישער אומזין אי אומגעהויער וויכטיג — דאָס איז ה' קאַצאָוויטש'עס „זעכציג יאהר לעבען". עס איז ווערט געלעזען צו ווערען מיט דעם־זעלבען אינטערעס, מיט וועלכען איך האָב דאָס בוך געהאַלטען פאַר מיי־נע אויגען ביז איך האָב עס געענדיגט".

פון „שריפטען", 1919:

„דאָס בוך ענטהאַלט אַ גאַנצען אוצר פון היסטאָרישע פּאַסירונגען. די אי־בערלעבונגען זיינען געשילדערט מיט אַן אויסערגעוועהנליכער ריינקייט און ליכטיגקייט. די שפּראַך איז איינפאַך און קלאָר, און גאַנצע שטיקער פון אַן אמת דורכגעלעבטען לעבען שטעהען פאַר אייך אויף און אָטעמען מיט זייער היימישער נאָהענטקייט, מיט זייער צו־רוּיען, מיט זייערע גרויסע און שעה־נע האָפנונגען, וואָס ווערען אָהן אויס־העהר צובראָכען און ווידער געבויט.

עקיבא ברוידעס „צוקונפט", אוי־גוסט, 1919:

„עס ווילט זיך ציטירען גאַנצע קאַ־פּיטלעך פון ערינערונגען. פיעלע שטעלען וועלען מן הסתם אַמאָל אויס־גענוצט ווערען אין אידישע קינדער־שולען צו באַקענען דעם יונגען אידישען דור מיט דעם ווי זייערע טאַטעס האָ־בען געלעבט. די שפּראַך איז אַזוי איינפאַך, אַזוי ריין אידיש און די בילדער זיינען אַזוי גאַנץ און רירענד".

דאָס איינציגע בוך וואָס איז אַזוי וואונדערבאַר פריינדליך און האַרציג אויפגענומען געוואָרען פון אונזער גאַנצער אידישער קריטיק.

**375 זייטען, רייך אַרויסגעגעבען און געבונדען, פּרייז $1.50**

צו בעקומען ביי אַלע בוכהענדלער און ביים פערלעגער:

**Max N. Maisel, 424 Grand Stret, New York.**

